איך דריק אוים מיין טיפסטן דאנק דער געזעל־
שאפט „פריינט פון טשענסטאָכאָוו" אין פאריז
מיט דעם פרעזידענט ווראָצלאַווסקי בראש
פאַר דער הלואה וואָס זיי האָבן מיר צוגע־
טיילט און וועלכע האָט מיר פאַרלייכטערט
דאָס אַרויסגעבן פון דעם דאָזיקן בוך.

●

פון זעלבן מחבר :

אויפן וועג צום זיג,
טיפן פון יידישע פּאַרטיזאַנער, פּאַריז 1949.
חורבן קאַרעץ, פּאַריז 1950.

אין דרוק :

מאַטעלע,
א דערציילונג פון א יידיש יינגעלע א פאַרטיזאַנער.

●

Imp. Abécé, 11, Rue Louis-Blanc, Paris-10·

## דיאדא מישא

(אינוש. מ. גילדענמאן)

# יידישע טעכטער

פאריז -- 1950

דאָס דאָזיקע בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1200 עקזעמפּלאַרן, פון וועלכע 100 זענען געדרוקט אויף העליאָפּיל - פּאַפּיר מיט אַ לוקסוס - הילע און נומערירט פון 1—100

**
*

ווען די מיליאָנען יידישע פרויען, וואָס זענען דורך דער דייטשער בעסטיע, אויף אַ שווידערלעכן אופן פאַרניכטעט געוואָרן איז שוין פיל געשריבן געוואָרן, דאַקעגן איז כמעט נישט באַוווסט וועגן די העלדישע יידישע טעכטער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין מיט דעם וועג, וועלכן היטלער האָט פאַר זיי באַשטימט און האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון קאַמף און נקמה. איך האָב די דאָזיקע העלדינס געהאַט אין מיין פאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג. איך האָב זיי באַגעגנט אין אַנדערע פאַרטיזאַנער אָטריאַדן פון אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד און בין גליקלעך, וואָס איך קען דערציילן דער וועלט וועגן זייערע העלדן־טאַטן, וועגן זייערע איבערלעבענישן אַלס „אָריערינס“ און וועגן זייערע נקמה־אַקטן. דער יידישער פרוי איז פיל לייכטער געווען איבערצולעבן די מלחמה אויף „אַרישע“ דאָקומענטן, — געוויינלעך, אויב איר סעמיטישער אויסזיכט און ספּעציפישער יידישער אַקצענט האָט איר נישט פאַראַטן — דאָס איז אבער געווען אַ לעבן פיל מיט שרעק, מיט דערנידערונגען און אַנהויפּערלעכער נערוון־אָנשטרענגונג. דערפאַר, ווען זיי האָבן, נאָך די אַלע איבערלעבענישן, זיך געפונען אין די פאַרטיזאַנער־רייען, האָט זיך זייער פאַרביטערונג קעגן די דייטשע מערדער אויסגעדרוקט אין דרייסטע דיווערסיעס און אויספירן ריזיקאַלע אויפגאַבעס, ווו מיט זייער מוט און אויסדויער האָבן זיי אָפט מאָל געדינט אַלס ביישפּיל פאַר די מענער.

אין אויגנבליק פון דער שרעקלעכער אַסימילאַציע, וואָס דרינגט אַריין אין דעם יידישן אָרגאַניזם, דוקא איצט, נאָך דער

גרויסער קאַטאַקליזמע, וואָס אונזער פֿאָלק האָט איבערגע־
לעבט און וועלכע איז אין מערסטן טייל אַ פּראָדוקט פֿון מינ־
דערוווערטיקייטס־געפֿיל, האַלט איך, אַלס נאַציאָנאַלער ייד,
פֿאַר מיין חוב צו דערציילן וועגן אונזערע גבורים. בכלל און
באַזונדערס וועגן דעם גרויסן בײַשפּיעל, וואָס די יידישע
טעכטער האָבן געגעבן אין קאַמף קעגן גרויזאַמען היטלעריזם.
איך וויל, אַז די יידישע יוגנד זאָל זיין שטאָלץ אויף די מוטיקע
קעמפּער און קעמפּערינס פֿאַרן כבוד פֿון יידישן פֿאָלק, וועלכע
האָבן אין די פֿינצטערע טעג פֿון יידישן אומקום אָנגעשריבן
די ליכטיקסטע בלעטלעך געשיכטע פֿון יידישער גבורה. און
די יידישע פֿרויען זאָלן וויסן, אַז די גאָלדענע קייט פֿון העלדנ־
טום ביי יידישע טעכטער, וועלכע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען נאָך
אין די ימי הנבואים האָט געהאַט איר המשך אין די פּאַרטיזאַ־
נישע וועלדער און בשעת אונזערע באַפֿרייאונגס־קאַמפֿן פֿון
ישראל. איך וויל האָפֿן, אַז מיין באַשיידענער בוך „יידישע
טעכטער" וועט די דאָזיקע צילן דערגרייכן.

דער מחבר.

# ליובא

## קאפיטל 1

### דער וואנדערנדיקער „טעסליער“

עס איז נאָך געבליבן בלויז אַ פּאָר קילאָמעטער צום אָרט, ווו מיר האָבן באַדאַרפט אַראָפּקירעווען פון ברייטן וועג אין דעם געדיכטן וואַלד. מיר האָבן דאָס באַדאַרפט באַווייזן, נאָך איידער דער געדיכטער שניי, וואָס איז אָן איבעריים געפאַלן פון דעם פאַרוואָלקנטן הימל, וועט אויפהערן, ווייל מיר האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל פאַרדעקן אונדזערע שפּורן. מיט קורצע „פּריוואַלן“ (אָפּרוען) האָבן מיר איבער נאַכט געמאַכט אַריבער 40 קילאָמעטער און סיי מיר, סיי אונדזערע פערד, זענען שוין געווען שטאַרק דערשעפּט. עס האָט אונטערגעגעבן מוט, בלויז דער געדאַנק, אַז מיר וועלן שוין אינגיכן זיין אין דעם נייעם לאַגער, ווו די פריער אַרויסגעשיקטע ווירטשאַפטס־גרופּע האָט פאַר אונדז צוגעגרייט „קאַייבאַשן“ (צעלטן, געפלאָכטענע פון צווייגלעך און באַדעקט מיט היי) און אָפּגעקאָכט אַ הייסע, שמעקעוודיקע זופּ.

ווי יעדעס מאָל, בשעת אונדזערע ווייטע מאַרשן, זענען אויך איצט, אַ פּאָר הונדערט מעטער פאַר דער קאָלאָנע, געפאָרן אויף פלינקע פערדלעך צוויי פאַרטיזאַנער — דער אַזוי גערופענער: „פּערעדאָוואָי דאָזאָר“ (פאָר־פּאָסטן). זיי האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדער שאָרך, אַריינגעקוקט אונטער יעדן קוסט און ווען זיי האָבן באַמערקט עפּעס פאַרדעכטיקס, פלעגן זיי אונדז געבן אַ סיגנאַל און דאַן האָבן מיר פאַרנומען אַ פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע, אָדער געמאַכט אַן אָנגריף. פּלוצלינג האָט דער „דאָזאָר“ געגעבן אַ צייכן, אַז

מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן און אין אַ פּאָר מינוטן האָט מען צו מיר צו־געפירט אַ יונגן פויער.

— ער וויל רעדן מיט דעם קאָמאַנדיר — האָט דער פּאַרטיזאַנער געמאָלדן.

איך האָב אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם פויער. ער איז געווען אַ הויכער, געזונטער, פון אַ יאָר 27—28. פון אונטער זיין צעקנעפּלטן רויטן „פּאָלושובעק", אַזעלכע ווי די וואָלינער פויערים טראָגן, האָט זיך אַרויסגעזען אַן אויסגענייט אוקראַיניש העמד. אויף דעם קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ גרוי „סמושקענע" היטל, אַביסל ווייליונגעריש, פאַרוקט אויף אַ זייט. אונטער דעם אָרעם האָט ער געהאַלטן אַ זעג, אַ האַק און אַ הילצערנעם ווינקל. ער האָט אויסגעזען ווי אַ וואַנדערנ־דיקער „טעסליער", וועלכע מען באַגעגנט אָפט אויף וואָלין, וואָס גייט אַרום פון דאָרף צו דאָרף און פירט אויס פאַרשידענע בוי־אַרבעטן.

— ווערסט מיטגיין מיט אונדז און אַז מיר וועלן קומען אויפן אָרט, וועל איך דיך אויסהערן — האָב איך אים געזאָגט און ווי מיר פלעגן עס שטענדיק טאָן אין אַזאַ פאַל, בכדי ער זאָל נישט באַמערקן אונדזער מאַרשרוט, האָט מען אים פאַרבונדן די אויגן און איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט אים געפירט און איינצייטיק באַוואַכט.

ווען מיר האָבן זיך פולקאָם איינגעאָרדנט אין דעם נייעם לאַגער, האָב איך באַפוילן אַריינצופירן אין „שטאַב" דעם פויער, וועלכן מיר האָבן מיט זיך געבראַכט.

## קאַפּיטל 2

## אין דייטשן געפאַנגען־לאַגער

אויסער דעם נאַטשאַלניק פון שטאַב, זענען ביי דעם אָנגעצונ־דענעם פּאַרטיזאַנישן „קאָסטיאָר" (פייער) נאָך געזעסן עטלעכע קאָ־מאַנדירן פון באַזונדערע גרופּן.

— ווער ביסטו און וואָס האָסטו מיר געוואָלט מיטיילן? — האָב איך זיך געוואָנדן צום פויער.

— מיין נאָמען איז פּיאָטר צוקאַנאָוו, געבוירן אין מאָסקווע, איך

בין א לייטענאנט פון דער רויטער ארמיי — האט זיך פארגעשטעלט דער פויער. — איידער איך וועל אייך איבערגעבן, וואס מיר האט צו אייך געבראכט, דערלויבט אייך צו שילדערן מיינע איבערלעבונגען פון לעצטן יאר.

— אין הארבסט 1941 — האט צוקאנאוו אנגעהויבן דערציילן — בין איך צוזאמען מיט א גרויסער טייל פון אונדזער ארמיי געווארן ארומגערינגלט נעבן וויטעבסק און גענומען געווארן אין געפאנגענשאפט. אין א פאר וואכן ארום בין איך שוין געוועזן אין ברעסט־ליטאווסק, אין דעם גרויסן לאגער פאר קריגס־געפאנגענע, וועלכער האט געציילט 40 טויזנט מאן. איך וויל זיך נישט אפשטעלן אויף די שרעקלעכע, אומענטשלעכע באדינגונגען, אין וועלכע מיר האבן דארט געלעבט. אין קליינע, הילצערנע, נשט געהייצטע באראקן האבן מיר פארבראכט דעם שווערן ווינטער פון 1941—1942. יעדן טאג זענען הונדערטער געפאנגענע געשטארבן פון הונגער, קעלט און פארשידענע קראנקייטן. אונדזער אייציקע דערנערונג איז געוועזן זופ פון קארטאפל־שאלעכץ. דערצו האבן מיר אויסגעפירט די שווערסטע ארבעטן אויף דער באן־סטאציע און ביים צוגרייטן פארשידענע האלץ־מאטעריאלן אין די ארומיקע וועלדער. דער רעזולטאט איז געווען אזעלכער, אז אין אנהויב פרילינג האט שוין אונדזער לאגער געציילט בלויז 8000 מאן. 32 טויזנט קריגס־געפאנגענע זענען אין משך פון ווינטער אומגעקומען פון הונגער און טיפוס, אדער דערשאסן געווארן דורך דער גרויזאמער וואך.

— אין די ערשטע טעג פון מאי 1942, — האט וויטער פארגעזעצט זיין שרעקלעכע דערציילונג צוקאנאוו, — איז געקומען אין אונדזער לאגער א דייטשע קאמיסיע. די 8000 אויסגעהונגערטע קריגס־געפאנגענע, וועלכע האבן אויסגעזען ווי סקעלעטן, אנגעטוענע אין צעריסענע מלבושים, האט מען ארויסגעטריבן אויף דעם גרויסן הויף פון לאגער און באפוילן זיי זיך אויסצושטעלן אין איין רייע. דער עלטסטער פון דער קאמיסיע, אן אויסגעפאשעטער דייטשער פאלקאווניק, האט פאר אונדז געהאלטן א רעדע, וועלכע א דאלמעטשער האט איבערגעזעצט אויף רוסיש. זי האט געהאט, מער־ווייניקער, פאלגנדיקן אינהאלט:

„אונדזערע זיגרייכע דייטשע אַרמייען שטורמען שוין מאָסקווע. סטאַלין מיט זיין שטאַב האָבן שוין פאַרלאָזט דעם קרעמל און זענען אַנטלאָפן קיין סיביר. אינגיכן וועט די מלחמה זיך ענדיקן און צוזאַ־מען מיט די באַפרייטע פעלקער פון רוסלאַנד, וועלן מיר צוטרעטן בויען אַ נייע אָרדענונג אין אייראָפּע. צווישן אייך געפינען זיך אויך געוויס רוסן, וועלכע זענען מיט אונדז און ווילן זען אַ פריי, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטיש רוסלאַנד. טאָ זייט וויסן, אַז אונדזער „פי־רער" וויל אויסבויען אַזאַ רוסלאַנד. ווער עס וויל אונדז העלפן אין דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט, דער זאָל אויפהויבן די האַנט. די דאָזיקע וועלן ווערן באַפרייט און טראַקטירט ווי אונדזערע פריינט. לויט זייער ווונטש וועלן זיי ווערן צוגעטיילט אַלס געהילפס־אַרמיי צו פאַרשידענע מיליטערישע אייגהייטן אין הינטערגרונט פון פראָנט, אָדער מיר וועלן פון זיי פאָרמירן ספּעציעלע רוסישע קאַמפּס־גרופּן, וועלכע וועלן אַקסל ביי אַקסל מיט דער ווערמאַכט קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון זייער פאָטערלאַנד".

— אַ גרויסע צאָל קריגס־געפאַנגענע — האָט ווייטער דערציילט צוקאַנאָוו, — האָבן אויפגעהויבן די הענט. נישט די פּערספּעקטיוו פון קעמפן צוזאַמען מיט די דייטשן קעגן אונדזער פאָטערלאַנד, האָט אונדז דיקטירט אַזוי צו האַנדלען, נאָר יעדערער פון אונדז האָט גע־האַט אַ פאַרבאָרגענעם געדאַנק, אַז געפינענדיק זיך אויסער די שטעט־כעדיקע דראָטן פון לאַגער, וועט מען שוין זיכער געפינען אַ וועג צו דער ווייטערדיקער באַפרייאונג.

## קאַפּיטל 3

## אין דער געסטאַפּאָ־שולע

— אין עטלעכע טעג אַרום, — האָט צוקאַנאָוו פאָרגעזעצט — האָב איך זיך שוין געפונען צוזאַמען מיט נאָך 20 מיינע חברים, אין אַן אַרבעטס־באַטאַליאָן ביי דער קאָמענדאַנטור פון שטעטל סאַרני, אויף פּאָלעסיע. אונטער דער אויפזיכט פון אַן אַלטן דייטש, מיטן נאָמען אָטטאָ וואַגנער, האָבן מיר אויסגעפירט פאַרשידענע לייכטע

ארבעטן. מיר האָבן געהאַלטן אין אָרדענונג דעם הויף פון דער קאָ־מענדאַנטור, געפלאַנצט און געפלעגט די בלומען נעבן דער פריוואַ־טער וווינונג פון קאָמענדאַנט, געהאַקט האָלץ און געטראָגן וואַסער. מען האָט אונדז אַרויסגעגעבן מיליטערישע אָנטועכץ און מיר האָבן געגעסן פון דער זעלבער קיך, וואָס די דייטשע סאָלדאַטן.

אונדזער אויפזעער אָטטאָ וואַגנער, וועלכער האָט נאָך אַנטייל גענומען אין דער רוסיש־דייטשער מלחמה פון 1914—1918, און איז געווען עטלעכע יאָר אין רוסישער געפאַנגענשאַפט, האָט געקענט פערפעקט די רוסישע שפּראַך און ליב געהאַט אין דער פרייער צייט צו פירן מיט אונדז שמועסן וועגן רוסלאַנד. עס האָט אים אינטערע־סירט, ווי אַזוי עס זעען איצט אויס די אַלע שטעט, וווּ ער איז געווען אַלס געפאַנגענער. ער האָט געוואָלט וויסן צי דאָס רוסישע פאָלק איז צופרידן פון דעם סאָוויעטישן רעזשים און צי עס בענקט נישט נאָך דעם צאַר.

וועלנדיק אים צופרידנשטעלן, — האָט ווייטער דערציילט צוקאַ־נאָוו, — ווייל פון אים איז פיל אָפּהענגיק געווען, האָב איך אים גע־שילדערט דאָס לעבן אין סאָוויעט־פאַרבאַנד אין די טונקלסטע פאַרבן. מיינע אַלע אויסגעטראַכטע מעשיות האָט וואַגנער, וואָרט ביי וואָרט איבערדערציילט דעם קאָמענדאַנט. איינמאָל אינדערפרי, האָט דער אָרטס־קאָמענדאַנט מיך אַרויסגערופן צו זיך אין קאַבינעט. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ בין איך צו אים אַריינגעקומען. ער האָט מיך מיט אַ העפלעך שמייכעלע באַגריסט און פאַרגעלייגט זיך אַוועקזעצן אויף דעם שטול אַנטקעגן אים.

— אָטטאָ וואַגנער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דו ביזט אַ קענ־נער פון איצטיקן רעזשים אין רוסלאַנד — מיט די ווערטער האָט דער קאָמענדאַנט אָנגעהויבן אונדזער שמועס און פאָרלייגנדיק מיר אַ שמעקעוודיקן ציגאַר, פאָרגעזעצט — פיל רוסן דענקען אַזוי ווי דו, און העלפן אונדז פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון „אַ נייע אָרדע־נונג אין איראָפּע“. אונדזער מאַרש אויף רוסלאַנד איז נישט כדי צו פאַרשקלאַפן דאָס פאָלק, ווי די קאָמוניסטן זאָגן, נאָר כדי דאָס צו באַפרייען. אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם קולטורעלן דייטשן פאָלק, וועט זיך דאָס אָפּגעשטאַנענע רוסישע פאָלק אויסלערנען, ווי

אַזוי צו עקספּלואַטירן און ראַציאָנעל אויסצונוצן די גרויסע שטחים פּרוכטבאַרע רוסישע ערד פאַר דעם נוצן פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט.

— אַזעלכע ווי דו — האָט דער קאָמענדאַנט פאַרגעזעצט, — קענען אונדז פיל נוצן ברענגען אין אונדזער אַרבעט. איבערהויפּט אין דעם קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען לעצטנס געוואָרן זייער אַקטיוו און ברענגען אונדז פיל שאָדן אין הינטערלאַנד פון פראָנט. דיין הילף קען זיך קאָנקרעט אויסדריקן אין פאָלגנדיקעס: מיר האָבן געגרינדעט ספּעציעלע „געשטאַפּאָ-שולן" פאַר אונדזערע רוסישע מיטהעלפער און פריינט. נאָכן פאַרענדיקן פון דער דאָזיקער שול, גייען זיי אַוועק אין די וועלדער און באַקומען זיך אַריין אין די פּאַרטיזאַנער-אָפּטיילונגען, וווּ זיי פאַרנעמען זיך מיט סאַבאָטאַזש און מיט שפּיאָנאַזש לטובת אונדז. איך וויל נאָך צום סוף צוגעבן, האָט ער פאַרענדיקט, אַז נאָכדעם, ווי מיר וועלן געווינען די מלחמה, וועלן די אַלע, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן, ווערן באַשטימט אויף די העכסטע פּאָסטנס אין באַפרייטן רוסלאַנד. איך בין זיכער, אַז דו וועסט מיין פאָרשלאַג אָננעמען און אַריינטרעטן אין דער דאָזיקער שול.

דער קאָמענדאַנט האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייער אומאָנגענעמער און אַפילו נישט זיכערער לאַגע. בלויז ביים געדאַנק, אַז איך, צוקאַנאָוו, אַ לייטענאַנט פון דער רויטער אַרמיי, וועט ווערן אַ געשטאַפּאָוויעץ, איז מיר אַ שווידער דורכגעגאַנגען איבערן לייב. איך האָב אָבער געוווסט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע פאָלגן עס קען פאַר מיר האָבן מיין אָפּזאָג. איך בין געווען פאַרצווייפלט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. באַלד איז מיר אָבער דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז איך וועל ענדיקן די שול, וועל איך נאָכדעם זיך קענען פריי באַוועגן און אויב מען וועט מיך שיקן אויספירן אַן אויפגאַבע, וועל איך אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער און זיי איבערגעבן וועגן די מעטאָדן פון קאַמף, וואָס די דייטשן האָבן אונדז געלערנט, בכדי די פּאַרטיזאַנער זאָלן קענען אָננעמען קעגן-מיטלען. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אָנצונעמען זיין פאָרשלאַג און מיט אַ געמאַכטער צופרידענער שטימע זיך געווענדעט צום קאָמענדאַנט:

— איך בין אייך זייער דאנקבאר פאר דעם צוטרוי, וואס איר האט צו מיר. איך נעם אן מיט פרייד אייער פארשלאג און בין גליקלעך, וואס איך וועל קענען נעמען אנטייל אין דער באפרייאונג פון מיין פאטערלאנד.

אין א וואך ארום בין איך שוין געווען אין דער געשטאפא־שול, וועלכע האט זיך געפונען אין דער שטאט באראנאוויטשי. די 200 שילער זענען באשטאנען אין גרעסטן טייל פון דעזערטירן פון דער רויטער ארמיי, פעטליוראוועס, רעשטלעך פון די אמאליקע וראנגעלס און דעניקינס ארמייען און פארשידענע אנדערע אוואנטוריסטן און אויסווורפן.

זעקס חדשים האב איך באזוכט די שול, און צוריק מיט א מאנאט האב איך זי געענדיקט און געווארן צוגעטיילט צו דער „געהיימער דינסט". ביי דער זשאנדארמעריע פון קאראסטעניער געביט. איצט האב איך באקומען א באפעל אוועקצוגיין אין די אווורוטשער וועלדער און זיך באמיען ארייננצובאקומען אין דעם יידישן פארטיזאנער־אטריאד פון „דיאדיא מישא". מיין אויפגאבע איז זיך צו באקענען מיט דער סטרוקטור פון אייער אטריאד, מיט אייערע מעטאדן פון קאמף און פארטיידיקונג, פארבלייבן מיט אייך און ווארטן אויף ווייטערדיקע פאראָרדענונגען.

בכדי נישט ארויסצורופן קיין פארדאכט, האט מען מיר ארויסגעגעבן א דאקומענט אלס וואנדערנדיקער „טעסליער", וועלכער גייט ארום איבער די דערפער און זוכט ארבעט. אויסער דעם האב איך איינגענייט אין א קלאפע פון מיין מארינארקע א קליינעם מעטאלענעם האקנקרייץ, וועלכער דארף מיר דינען אלס צייכן, כדי זיך צו פארשטענדיקן מיט דער דייטשער מאכט. אט דאס איז די מיסיע, מיט וועלכער די דייטשן האבן מיך צו אייך געשיקט און איצט וועל איך אייך איבערגעבן מיין פלאן:

ערשטנס בין איך גליקלעך, וואס איך האב זיך ארויסגעריסן פון די דייטשע מערדערישע הענט. איך וועל אייך באקענען מיט די מעטאדן פון קאמף, וועלכע מען האט מיר אין שול געלערנט, בכדי איר זאלט זיי אויסנוצן קעגן די נאציס. אלס אפיציר פון דער רויטער ארמיי, וויל איך אין די פארטיזאנישע רייען קעמפן קעגן די שונאים

פון אונדזער פּאַטערלאַנד ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג. איך וויל נקמה נעמען פאַר מיינע צענדליקער טויזנטער חברים, וועלכע זענען אין משך פון איין ווינטער, פאַר מיר אין די אויגן, פאַרפּייניקט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער.

## קאַפּיטל 4

### צוקאַנאָוו אַלס פּאַרטיזאַנער

צוקאַנאָווס דערציילונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע פּאַרטיזאַנער, און ער איז, פאַרשטייט זיך, פאַרבליבן אין מיין אָטריאַד. איך האָב אויף יעדנפאַל, ווי דאָס האָט זיך ביי אונדז פּראַקטיצירט מיט יעדן נייעם פּאַרטיזאַנער, פאַראָרדנט צו האַלטן די ערשטע צייט צוקאַנאָוון אונטער אַ געהיימער אָבסערוואַציע. צוקאַנאָוו האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות פון אַ גוטן פּאַרטיזאַנער; ער איז געווען דרייסט, געהאַט אַ גיכע אָריענטאַציע און אין די געפערלעכסטע מאָמענטן נישט פאַרלוירן זיין קאַלטבלוטיקייט און גלייכגעוויכט.

עס האָט זיך פונקט געמאַכט אַזוי, אַז אין די ערשטע וואָכן נאָך זיין אָנקומען צו אונדז, זענען יעדע פאַר טעג פאָרגעקומען קאַמפן. מיר האָבן געמאַכט אָפטע איבערפאַלן אויף דייטשע גאַרניזאָנען און פּאָליציייִשע „קוסטן", דורכגעפירט שטראָף־עקספּעדיציעס אויף משפחות פון פּאָליציאַנטן און „טאַיניאַקעס" (אוקראַיִנישע געהיים־אַגענטן) און געמאַכט „זאַסאַדעס" (לויערונגען) אויף דורכפאָרנדיקע דייטשע אויטאָס. אין די אַלע אָפּעראַציעס האָט צוקאַנאָוו גענומען אַן אָנטייל און זיינע אויפגאַבן דורכגעפירט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. צוליב וואָס ער איז פאַרעכנט געוואָרן צווישן די בעסטע פּאַרטיזאַנער. בלויז אויף איין פּונקט איז צוקאַנאָוו געווען נישט איינגאַנצן אין אָרדענונג. דאָס איז אין באַצוג צו פרויען. ער איז געווען ווי מען זאָגט: „אַ ביסל געכאַפּט אויף דער מעשה", ד. ה. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט פרויען און איז אויף דעם געביט נישט געווען קיין גרויסער איבערקלייבער.

קיין גרויס נחת, האָבן אים אָבער זיינע ליבע־אַוואַנטורעס נישט פאַרשאַפט. די סיבה איז געווען די, וואָס אין מיין פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט געהערשט אין דער הינזיכט אַ געוויסע אָפּגעהיטנקייט. ד. ה. נישט, אַז אַלע זענען געווען אַזוי שטאַרק צניעותדיק. עס זענען פאָרגעקומען ליבעס־ראָמאַנען צווישן פּאַרטיזאַנער און פּאַרטיזאַנערינס, וואָס איז גאַנץ נאַטירלעך, בפרט, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז מען האָט זיך שטענדיק געפונען אויף דער שוועל פון דער נאַטור און אין אַן אייגענער חברישער אַטמאָספער. עס זענען אָבער נישט געווען קיין פאַלן פון אויסגעלאַסנקייט. עס האָט זיך נישט געטראָפן, אַז איין פרוי זאָל געהערן צו עטלעכע פּאַרטיזאַנער אָדער, אַז איין פּאַרטיזאַנער זאָל ווענדן אָפּשלאָגן ביי דעם צווייטן זיין געליבטע.

צוקאַנאָוו האָט באַלד אין די ערשטע טעג, ווי נאָר ער איז געקומען אין אונדזער אָפּטיילונג, געוואָרפן אַן אויג אויף דער שיינער ראַדיסטין מאַניע. דאָס איז געווען אַ יונג אינטעליגענט מיידל פון מאָסקווע, וועלכע מען האָט אַראָפּגעלאָזט אין מיין אָפּטיילונג אויף אַ פאַראַשוט. זי האָט געענדיקט אַ ספּעציעלן קורס פאַר ראַדיסטין ביי דעם צענטראַלן שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג, ווו מען האָט זי צוגעגרייט צו דער אַרבעט ביים שונא אין הינטערגרונט. מען האָט זיי דאָרט געלערנט זיין פאָרזיכטיק און קענען אָפּהיטן מיליטערישע סודות. די ראַדיסטין מאַניע, האָט ביים אָנפאַנג געגעבן צוקאַנאָוון אָנצוהערן, אַז זי ווינטשט זיך נישט צו פאַרפירן מיט אים קיין פלירט און ער זאָל איר לאָזן צורו. ווען צוקאַנאָוו האָט אָבער נישט אויפגעהערט מיט זיינע ליבע־דערקלערונגען, האָט זי אים פשוט אַרויסגעוואָרפן פון איר געצעלט און אים שטרענג פאַרבאָטן צו איר ווייטער אַריינצוקומען. נאָך דעם דורכפאַל מיט מאַניען האָט ער זיך גענומען גאַנץ ענערגיש צו דער אויסשפּירערין חנקע. דאָס איז געווען אַ יונג מיידל פון אַ קליין שטעטל אויף וואָלין, זייער אַ שיינע און אַ וויציקע. ווען זי האָט געזען צוקאַנאָווס נישט־ריינע כוונות, האָט זי איינמאָל אין דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע פּאַרטיזאַנער אים געזאָגט: „דו געפעלסט מיר אפילו, נאָר איך האָב נישט ליב קיין באַווייבטע מענער“.

— איך בין נאָך אַ בחור — האָט צוקאַנאָוו אויסגעשריגן.

— אז דו וועסט מיר צושטעלן פון מאָסקווער ציווילן אַמט אַ צייגניש, אַז דו האָסט נישט קיין פרוי און קינדער, בין איך גרייט אפילו מיט דיר חתונה צו האָבן — האָט חנקה רואיק געענטפערט — נאָר ביז דאַן וועל איך דיך בעטן זיך צו האַלטן פון מיר פון דער־ווייטנס.

נאָך חנקהן, האָט זיך צוקאַנאָוו אָנגעהויבן שדכנען צו דער פרוי פון קראַסנאָוו, דעם קאָמאַנדיר פון דער גרופּע אויטאָמאַטשיקעס. ווען קראַסנאָוו איז אַוועקגעגאַנגען אויספירן אַן אויפגאַבע, איז צו־קאַנאָוו געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער צו זיין פרוי. צום אָנהויב האָט זי דאָס געדולדעט, נאָר ווען איינמאָל אין אָוונט איז ער אַריינ־געקומען אין איר געצעלט און זיך אָנגעהויבן אויפפירן נישט אינ־גאַנצן אָנשטענדיק, האָט זי אים אַראָפּגעלאָזט צוויי פייערדיקע פּעטש און אַרויסגעטריבן. דער דאָזיקער „ראָמאַן" האָט זיך געקאָנט ענדיקן גאַנץ טראַגיש, ווייל ווען קראַסנאָוו האָט זיך אומגעקערט פון וועג און זיך דערוווּסט, אַז צוקאַנאָוו האָט אָנגעגריפן זיין פרוי, האָט ער זיך אויף אים געוואָרפן מיט דעם פּיסטאָלעט. נאָר אַדאַנק מיין אינ־טערווענץ, האָט זיך דערמאָלט איינגעגעבן אויסצומיידן קרבנות.

אַזוי האָט צוקאַנאָוו אַן אויפהער געזוכט גליק ביי פרויען און אומעטום אַן דערפאָלג, ביז ער האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אויף דער קעכין פון שטאַב, דער געשטופּלטער כריסטיע. דאָס איז געווען אַן איינפאַך דאָרפס־מיידל, נישט קיין שיינע און נישט קיין איבעריק קלוגע. זי האָט זיך באַמיט ער זאָל האָבן שטענדיק אַ ריין העמד און עס זאָלן אים נישט פעלן קיין קנעפּלעך ביי די הויזן און מאַרינאַרקע.

איך האָב זיך אַ ביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף דעם דאָזיקן שטריך פון צוקאַנאָווס כאַראַקטער, ווייל אין פאַרלויף פון די ווייטערדיקע געשעענישן האָט דאָס אָפּגעשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל.

## קאַפּיטל 5

### בלויז צוקאַנאָוו האָט געפעלט

נאָכדעם, ווי מיר האָבן באַקומען דעם באַפעל פון צענטראַלן

שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג, אַז מיר זאָלן אויפהערן מאַכן איבערפאַלן אויף דייטשע גאַרניזאָנען און בכלל אויסמיידן אָפענע קאַמפן, נאָר זיך פאַרנעמען בלויז מיט דיווערסיעס, האָב איך צע־טיילט מיין אָטריאַד אויף קליינע גרופּעס, מיט פאָלגנדיקע אויפגאַ־בעס: איייניקע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפרייסן בריקן, פאַרברע־נען די ווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דעם דייטש און מיט אַגיטירן די באַפעלקערונג, צו סאַבאָטירן דאָס צושטעלן שפּייז פאַר די נאַציס. די איבעריקע פּאַרטיזאַנער האָב איך צעשיקט אויף פאַרשידענע פונקטן, לויט די אָנווייזונגען פון דער אָנפירונג, אָדער אייגענער איניציאַטיוו, מיט דער אויפגאַבע אויפצורייסן מיליטערישע צוגן, וואָס גייען אויפן פראָנט.

מיט אַ 12־קילאָגראַמער מינע אויף די אַקסלען האָבן די דאָזיקע דיווערסאַנטן, וועלכע האָבן געציילט צו 8 מאַן אין אַ גרופּע, זיך אַוועקגעלאָזט דורך ווילדע, געדיכטע וועלדער און זומפן צו די באַן־ליניעס און אויסקלייבנדיק אַ באַקוועם אָרט, אונטערגעלייגט די מינע, פון וואָס אַ דייטשער צוג מיט מיליטער, אָדער אַמוניציע איז געפלויגן אין דער לופט.

צו איינער פון די דאָזיקע גרופּן, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט מיין זון, איז צוגעטיילט געוואָרן אויך צוקאַנאָוו, וועלכער האָט מיך שוין פיל מאָל געבעטן, איך זאָל אים פאַרשאַפן דאָס פאַרגעניגן און דערלויבן אים אויפצורייסן אַ דייטשן צוג. עס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ כבוד צו געהערן צו אַ דיווערסיע־גרופּע און דערויף האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ געוויסן סטאַזש. צוקאַנאָוו, האָט לויט זיין אויפירן זיך אין משך פון די דריי חדשים, וואָס ער איז געווען אין מיין אָטריאַד, אויף אַזאַ צוטרוי פאַרדינט.

די דאָזיקע דיווערסיע האָט מיין זונס גרופּע באַדאַרפט אויספירן נישט ווייט פון אַ קליינער באַן־סטאַנציע, וועלכע האָט זיך געפונען אַן ערך 40 קילאָמעטער פון אונדזער לאַגער. בשעתן דורכפירן אַזאַ מין דיווערסיע פלעגן די פּאַרטיזאַנער זיך אַזוי נוהג זיין: זיי האָבן פאַרלייגט די מינע, זיך פאַרמאַסקירט ערגעץ נישט ווייט פון דעם אָרט און געוואַרט ביז דער צוג איז אָנגעקומען. ווען זיי האָבן דער־

הערט דעם אויפֿרייס, זענען זיי זיך צעלאָפֿן אין פֿאַרשידענע ריכ־טונגען און אויף דעם צווייטן טאָג אין אָוונט האָבן זיי זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפֿן אויף אַ באַשטימט אָרט. זיי האָבן אַזוי געטון, ווייל אָפֿט־מאָל נאָכדעם אויפֿרייס פֿלעגן די דייטשן מאַכן אָבלאַוועס, און מען האָט נישט געטאָרט ריזיקירן מיט דער גאַנצער גרופּע.

אַזוי איז אויך דאָסמאָל געוואָרן אָרגאַניזירט. מיין זון מיט צו־קאַנאָוון האָבן זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף דעם גאַנץ הויכן „נאַסיפּ" און אונטערגעלייגט די מינע. די איבעריקע פּאַרטיזאַנער האָבן זיי באַוואַכט. דאָס איז געווען פֿאַר האַלבער נאַכט. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז אָנגעקומען דער דערוואַרטעטער צוג און איז אַרויף אויף דער מינע. צופֿרידענע, זענען די פּאַרטיזאַנער זיך צעלאָפֿן אין פֿאַר־שידענע ריכטונגען.

דעם צווייטן טאָג האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין זיכערע ערטער און ווען עס איז געוואָרן פֿינצטער, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען צו דער רואינירטער „ליעסניטשעווקע" (הויז פֿון וואַלד־וועכטער), ווו זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפֿן. ווען מיין זון איז צוגעקומען צו דעם באַשטימטן אָרט, האָט ער שוין דאָרט געטראָפֿן דריי פּאַרטיזאַ־נער, שפּעטער זענען געקומען נאָך דריי, בלויז צוקאַנאָוו האָט געפֿעלט. זיי האָבן געוואַרט נאָך אייניקע שעה און ווען צוקאַנאָוו איז נישט געקומען, זענען אַלע געקומען צום אויספֿיר, אַז ער איז זיכער אַריינ־געפֿאַלן צו די דייטשן. אויף יעדן פֿאַל האָבן זיי פֿאַרלאָזט די „ליעס־ניטשעווקע" און זיך איבערגעטראָגן אויף אַ צווייט אָרט.

זיי האָבן אָפּגעוואַרט דעם גאַנצן טאָג און ווען עס איז געוואָרן פֿינצטער, זענען זיי נאָך אַמאָל צוגעגאַנגען צו דער „ליעסניטשעווקע". נישט טרעפֿנדיק צוקאַנאָוון, זענען זיי פֿאָרזיכטיק אַריינגעגאַנגען אין אַ פּאָר אַרומיקע דערפֿער און זיך נאָכגעפֿרעגט ביי די פּויערים, צי זיי האָבן נישט געהערט וועגן דעם, אַז דייטשן זאָלן האָבן געכאַפּט אַ פּאַרטיזאַנער.

קיינער האָט וועגן אַזאַ פֿאַל נישט געוווּסט. די פּאַרטיזאַנער זענען דעריבער געקומען צום אויספֿיר, אַז צוקאַנאָוו האָט דעזערטירט, ווייל ווען ער פֿאַלט אַריין אַ לעבעדיקער אָדער אַ טויטער צו די דייטשן, וואָלט די פּויערים דערפֿון געוווּסט. זייער זעלטן פֿלעגן די דייטשן

כאַפּן אַ לעבעדיקן פּאַרטיזאַנער. נאָר ווען אַזעלכעס פּלעגט געשען, האָבן דאָס די דייטשן אויסגענוצט פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן וועגן דעם באַלד צופּויקט אויף הונדערטער קילאָמעטער אַרום. דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנער איז ביי זיי געקרוינט געוואָרן מיט דעם נאָמען „אַטאַמאַן" און אָנפירער פון אַ גרויסער באַנדע. זיי פּלעגן אים פאָטאָגראַפירן און וועגן דעם גרויס געשעעניש אָפּדרוקן פלוג־בלעטלעך און זיי פאַנאַנדערשפּרייטן אין די דערפער, וואָס געפינען זיך אין די וואַלד־מאַסיוון.

איך בין געווען שטאַרק באַאומרואיקט, ווען מיין זון מיט זיין גרופּע האָבן זיך נישט אומגעקערט צו דער באַשטימטער צייט, און זיך שוין געקליבן אַרויסצושיקן עטלעכע פּאַרטיזאַנער, כדי זיך צו דערוויסן וועגן זייער גורל. ענדלעך זענען זיי געקומען און אונדז דערציילט וועגן צוקאַנאָווס אַנטלויפן. איך האָב זיך באַלד באַראַטן מיט דעם נאַטשאַלניק פון שטאַב און מיר האָבן באַשלאָסן נאָך אין דער זעלבער נאַכט איבערצוטראָגן אונדזער לאַגער אויף אַ צווייט אָרט.

גרויס איז געווען אונדזער פאַרביטערונג און פאַרדרוס, וואָס מיר האָבן זיך געלאָזט אַזוי אָפּשווינדלען דורך צוקאַנאָוון. עס איז אונדז געוואָרן פאַרשטענדלעך זיין באַנעמונג, בשעת ער איז געווען מיט אונדז און אין זיין יעדער טאַט האָבן מיר אָנגעהויבן איינזען מע־טאָדן פון אַ געניטן שפּיאָן. אין זיין ווען זיך באַפריינדן מיט דער ראַדיסטין, מאַניע, האָבן מיר אויך געזען אַ פּרוּוו, אַרויסצובאַקומען ביי איר דעם געהיימען ראַדיאָ־שיפער, כדי אים איבערצוגעבן די דייטשן. אפילו זיין צוזאַמענלעבן זיך מיט דער שטאַב־קעכין, וועלכע איז אין אַלע הינזיכטן געשטאַנען פיל נידעריקער פון אים, האָבן מיר אויסגעטייטשט דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט דורך איר זיך דערוויסן, וואָס מען רעדט אין שטאַב, ווייל אַלס קעכין איז זי שטענ־דיק געווען אין שטאַב און מיר האָבן אָן מורא, וועגן אַלעס גערעדט אין איר אָנוועזנהייט.

אין יעדער אַרומיק שטעטל האָבן מיר געהאַט אונדזער אַ „סוויאַז־נוי" (פאַרבינדלער), וועלכער האָט אונדז אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער אויסערלעכער וועלט. נאָך צוקאַנאָווס

פאַרשווינדן, האָב איך באַפּולמעכטיקט אַלע „סוויאַזנויס“, אַז זיי זאָלן מיר מיטטיילן, ווען זיי וועלן זיך וועגן אים עפּעס וואָס דער־ווּיסן. אין שטעטל קאָראָסטען איז אונדזער „סוויאַזנוי“ געווען דעם אָרטיק אוקראַינישן דאָקטאָרס אַ זון. אין אַ חודש אַרום האָב איך זיך דורך דעם „סוויאַזנוי“ דערוווּסט, אַז צוקאַנאָוו האָט נאָך אַ באַזוך אין בערלין, זיך אומגעקערט אַ דעקאָרירטער מיט אַן „אייזערנעם קרייץ“ און איז באַשטימט געוואָרן אַלס נאַטשאַלניק פון דער פּאָליציי פאַר קאָראָסטען און אומגעגנט.

דאָס איז געווען זייער אַ בכבודיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער פּאָסטן, וועלכן עס האָט געקענט פאַרנעמען נאָר אַזאַ מענטש, צו וועלכן די דייטשן האָבן געהאַט אַן אומבאַגרענצטן צוטרוי. באַלד נאָך צוקאַנאָווס אומקערן זיך קיין קאָראָסטין, האָבן זיך אָנגעהויבן אָפטע אַרעסטן צווישן די פּויערים, וועלכע זענען געווען פאַרדעכ־טיקט און האָבן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז לויט צוקאַנאָווס אָנווייזונגען. איינצייטיק האָבן זיך אָנגעהויבן אָפטע אָבלאַוועס אויף פּאַרטיזאַנער און לויט די מעטאָדן, מיט וועלכע די דייטשן האָבן זיי דורכגעפירט, האָט זיך געפילט אַ געניטע האַנט פון אַ מענטשן, וועלכן עס זענען גוט באַ־קאַנט די פּאַרטיזאַנישע פאַרטיידיקונגס־מיטלען. אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן מיר געהאַט עטלעכע דורכפאַלן און געווען גע־צוווּנגען צו בייטן אינגאַנצן אונדזער פּאַרטיזאַנישע סטראַטעגיע. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, אין אונדזער יעדן מיסדערפאָלג באַשול־דיקט צוקאַנאָוון.

## קאַפּיטל 6

### די „אָסט־אַרבעטערין“

אַ פּאָר וואָכן נאָך צוקאַנאָווס פאַראַט, האָב איך זיך אומגעקערט מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון אַן אויפגאַבע. מיר זענען געפאָרן רייטנדיק מיט אַ שמאָלער סטיעזשקע, צווישן צוויי געדיכטע ווענט פון יונגע סאָסנע־בוימער. איך בין געפאָרן דער ערשטער און די

איבעריקע פארטיזאנער נאך מיר. פלוצים האט מיין פערד אנגעהויבן כראפען און א דערשראקענער זיך אווארף געטון אין א זייט. אין דעם זעלבן מאמענט איז פון אונטער א קוסט ארויסגעשפרונגען א פרוי און צוגעלאפן גלייך צו מיר.

— ענדלעך האב איך באגעגנט אמתע פארטיזאנער — האט זי אויסגעשריגן. דו ביסט דער עלטסטער, איך דערקען דאס לויט דיין אויסזען... נעמט מיר מיט זיך... איך האב נישט וווּהין צו גיין... איך האב נישט קיינעם אויף דער וועלט... איך וויל ווערן א פארטיזאנע־רין.

זי האט גערעדט שנעל, מיט אן אפגעהאקטער שטים. אירע שווארצע, גרויסע אויגן, האבן אויף מיר געקוקט מיט געבעט און האפנונג. איך האב באטראכט די פרוי, וואס איז געשטאנען נעבן מיר. דאס איז געווען א נידעריק־געוואקסיקע מיידל, פון א יאר 17—18. זי האט אויסגעזען זייער פארמאטערט, ווי נאך א שווערן, ווייטן וועג, דאס קלייד איז ביי איר געווען אין עטלעכע ערטער צעריסן און די בארוועסע קליינע פיסלעך באדעקט מיט פארטריקנטער בלאטע. אויף די אקסלען האט זי געטראגן אן אלטן, שמוציקן שאל.

— ווער ביסטו? און פון וואנען קענסטו דעם וואלד? — האב איך זי געפרעגט.

— איך בין פון כוטאר מיכאילאווסקי און אהער בין איך געקו־מען פון מינכן, פון דייטשלאנד.

איר נישט פארשטענדלעכער ענטפער און דער אויסערלעכער אויסזען האט געמאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואלט געווען א נישט־נארמאלע. זי האט באמערקט אונדזערע פארוווּנדערטע בליקן און ארפגענעמענדיק דעם שאל פון די אקסל, האט זי אונדז געוויזן א גרויסן בוכשטאב „א", וועלכער איז געווען ביי איר צוגענייט צום קליידל און האט געזאגט:

— אט דער בוכשטאב „א" באדייט: „אסטארבעטער". דעם צייכן האבן מיר צוגענייט די דייטשן, ווען זיי האבן מיך צוזאמען מיט א גרופע פרויען צוגענומען קיין דייטשלאנד אויף ארבעט.

מיר זענען געווען מיד און האבן זיך שוין אלץ איינס געקליבן צו מאכן א „פריוואל" (אפרו). מיר האבן צוגעבונדן די פערד צו די

בוימער און אַליין זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז. די פרוי איז געשטאַנען נעבן אונדז און האָט פאָרגעזעצט:

— דאָס איז פאָרגעקומען פאַראָיאָרן האַרבסט, ווען די דייטשע גרויסע שטראַף־עקספּעדיציע האָט זיך אַריינגעריסן אין די בריאַנסקער וועלדער. די צעווילדעוועטע דייטשן האָבן די דערפער פאַרברענט, צוזאַמען מיט די אַלטע מענער און פרויען און די יוגנט צוגענומען מיט זיך. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אויך אין אונדזער דאָרף. זיי האָבן אונדז, אַ גרופע יוגנטלעכע, אַוועקגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע, פאַרשלאָסן אין פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנעס און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

זעקס חדשים האָב איך געאַרבעט אונטער דער ערד, אין אַ פאַבריק פון טיילן צו באָמבאַרדירערס. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע און ביי שרעקלעכע היגיענישע באַדינגונגען. איך האָב לאַנג נישט געקענט אויסהאַלטן אַזאַ קאַטאָרגע און בין ערנסט קראַנק געוואָרן. נאָכדעם, ווי איך בין אַ חודש צייט אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל, וווּ מען האָט מיר כמעט קיין שום מעדיצינישע הילף נישט געגעבן, האָט די לאַגער־קאָמיסיע באַשלאָסן, אַז פון מיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין און אַלס נישט־פעאיקע צו פיזישער אַרבעט מיר דערלויבט פאָרן אַהיים. זיי האָבן מיר דערביי אַרויסגעגעבן אַ צייגעניש אַלס דעמאָביליזירטע „אָסט־אַרבעטערין".

ביי די ווערטער האָט זי מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּירל. איך האָב איבערגעלייענט פאָלגנדיקס:

„די אָסט־אַרבעטערין, די אוקראַינערן ליובאַ אַנדראָסאָווא, אַלס, אומפעאיקע צו פיזישער אַרבעט, לויט אַ באַשלוס פון דער לאַגער־קאָמיסיע, ווערט דערלויבט זיך אומצוקערן אין איר וווין־אָרט, כוטאָר־מיכאַילאָווסקי, בריאַנסקער געביט".

— אויף דעם סמך פון דאָזיקן דאָקומענט — האָט פאָרגעזעצט ליובאַ — האָב איך זיך אויף לאַסט־צוגן, וועלכע זענען געגאַנגען אויף מזרח, דערשלעפּט ביז ראָוונע. דאָרטן בין איך אַראָפּגעגאַנגען פון צוג און אַוועקגעגאַנגען אין די וועלדער אויפצוזוכן פּאַרטיזאַנער. אַ פויערטע האָט מיר געזאָגט, אַז אין דער געגנט געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. אָט דריי איך זיך שוין דאָ אַרום אַ גאַנצע וואָך און ביז

היינט אָן דערפֿאָלג. איצט בין איך גליקלעך, וואָס איך האָב אייך ענדלעך באַגעגנט און האָף, אַז איר וועט מיך מיטנעמען מיט זיך.

מיר האָבן באַטראַכט דאָס אויסגעמאַטערטע מיידל, וועלכע האָט אויסגעזען אַזוי שוואַך און אומבאַהאָלפֿן ווי אַ קליין קינד. איינער פֿון מיינע פּאַרטיזאַנער, וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבן טעלמאַן, ווייל ער איז געווען ענלעך צו אַ דייטש, האָט מיט אַן איראָנישן שמייכל אַ זאָג געטון:

— איך בין נישט מקנא די דייטשן, ווען אין די וועלדער וועלן זיך באַווייזן אַזעלכע „שרעקלעכע" פּאַרטיזאַנערנס ווי דו.

ליובא האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק און געענטפֿערט

— איך האָב געלייענט פֿיל דערציילונגען וועגן פּאַרטיזאַנער, נאָך פֿון דעם בירגער־קריג, און לויט די דערציילונגען ווייס איך, אַז זייער דערפֿאָלג, האָבן זיי, אין גרעסטן טייל געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זייער חכמה, נישט זייער כוח. אַזוי, אַז עס איז נאָך נישט באַוווּסט, ווער עס קען מערער נוצן ברענגען, איך צו דו.

איר בייסיקער ענטפֿער איז אונדז אַלע געפֿעלן געוואָרן, אויסער טעלמאַנען, וועלכער האָט זיך פֿאַרויטלט, און ווילנדיק זיך רעוואַנ־זשירן איר געפֿרעגט:

— און אַ „סאָסקע" (אַ „מאַמקע" פֿאַר קינדער) האָסטו מיטגע־נומען?

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז פּאַרטיזאַנער באַנוצן „סאָסקעס" — האָט ליובא, נישט טראַכטנדיק לאַנג, געענטפֿערט — איך וואָלט פֿאַר דיר אַליין געבראַכט אַ גאַנצן צענדליק.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, בלויז טעלמאַן איז געבליבן ערנסט און האָט מיט כעס אַ שפּיי געטון אין אַ זייט.

זי האָט מיט אירע טרעפֿלעכע ענטפֿערס, באַלד געוווּנען אונדזער אַלעמענס סימפּאַטיע.

„זי איז אַ סימפּאַטיש און קלוג מיידל" — האָב איך אַ טראַכט געטון, זייענדיק אָבער נאָך אונטער דעם איינדרוק פֿון אונדזער מיאוסן דורכפֿאַל מיט צוקאַנאָוון, איז מיר דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק: „צי איז דאָס נישט אַמאָל אַ צוקאַנאָוו נומער 2?" דאָך, האָב איך באַשלאָסן זי מיטנעמען מיט זיך, ווייל, אויב דאָס איז ווירקלעך אַ

דייטשע שפּיאָנקע איז בעסער, זי זאָל אַריינפאַלן אין מיינע הענט. האָבנדיק די ביטערע דערפאַרונג מיט צוקאַנאָוון, וועט אונדז זיין לייכטער זי צו דעמאַסקירן און אומשעדלעך מאַכן. דאַקעגן ווען זי וועט זיך אַריינבאַקומען אין אַן אַנדערן „אָטריאַד" קען זי דאָרטן פיל צרות אָנטון.

— אויב דו ווילסט אַזוי שטאַרק, פאַרזוכן דעם האַרטן, פּאַרטיזאַנישן ברויט, טאָ קענסטו מיט אונדז מיטגיין — האָב איך זיך צו איר געווענדעט.

— איך דאַנק דיר זייער, גוטער קאָמאַנדיר — האָט זי אויסגעשריען מיט פרייד — איך פאַרזיכער דיר, אַז איך וועל זיין אַ גוטע, נוצלעכע פּאַרטיזאַנערין.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט אויף די פערד, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אָפּגערוט און לאַנגזאַם, מאָנאָטאָנער שויבנדיק צווישן די קוסטן און אַראָפּהענגענדיקע צווייגלעך, זיך געריכטעט צו אונדזער לאַגער. די צופרידענע ליובאַ, האָב איך אַרויפגענומען אויף מיין פערד און מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער שמועס.

— ביי דיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, וואָלט פאַר דיר פיל בעסער געווען צו וווינען אין אַ דאָרף, אין רואיקע באַדינגונגען, איידער אין אַ וואַלד ווו עס קומט אויס אָפּט צו הונגערן, שלאָפן אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ און זיין אין שטענדיקער שרעק — האָב איך איר געזאָגט.

— איך קען דאָס נישט טון צוליב פיל סיבות — האָט זי געענטפערט — ערשטנס, קען איך נישט קוקן אויף די דייטשע מערדער, וועלכע האָבן מיר אַזוי פיל צרות פאַרשאַפט, צווייטנס וויל איך נקמה נעמען פאַרן דערמאָרדן מיינע עלטערן און דריטנס... און דריטנס טראָג איך אַ סוד אין מיין האַרצן וועגן וועלכן איך קען דיר דערווייל נישט דערציילן, כאָטש דיין אויסערלעכער אויסזען רופט ביי מיר אַרויס פיל צוטרוי.

אַזוי שמועסנדיק זענען מיר צוגעפאָרן צו דער „זאַמסטאָווע" (פאַרפּאָסטנס) פון אונדזער לאַגער. מיר זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און פירנדיק זי פאַר די צוימלעך זיך דערנענטערט צו סראָלקע דעם „פּאָלעמיאָטשיק" און זיידל גרין, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך.

זיי האָבן אונדז פריינטלעך באַגריסט.

— וואָס הערט זיך נייעס? — האָב איך געפרעגט אויף יידיש.

— אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג — האָט סראָלקע געענטפערט — מיר וואַרטן שוין מיט אומגעדולד אויף דער „סמענאַ“ (בייטן די וואַך), ווייל איך הער אַזש דאָ דעם ריח פון די לאַטקעס געפּרעגלט אויף קאַנאָפּליאַנע אייל, טימקע דער קוכער, האָט זיך אויסגעלערנט פּרעגלען לאַטקעס, ניסשט ערגערע פון די, וואָס מיין מאַמעשי פלעגט מאַכן אין חנוכה. עס פעלן נאָר אַ פּאָר געגנדזענע גריוון צו זיי.

ליובאַ, וועלכע איז געשטאַנען נעבן מיר און האָט מיט פאַרוווּנדערטע אויגן זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס, האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און מיט טרערן אין די אויגן אויסגעשריגן אויף יידיש מיט אַ גאַליציאַנער אַקצענט:

— איר זענט יידן? ווי גליקלעך איך בין! איך בין אויך אַ יידיש קינד... אָט דאָס איז דער סוד, וועלכן איך האָב אייך מורא געהאַט צו דערציילן.

— איז די גאַנצע מעשה מיט דייטשלאַנד אַן אויסגעטראַכטע?

— האָב איך זי געפרעגט, נאָכדעם ווי אונדזער איבעראַשונג איז פאַראיבער.

— ניין, דאָס איז אַלץ אמת — האָט ליובאַ געענטפערט — איך וועל אייך ביי דער ערשטער געלעגנהייט דערציילן, ווי אַזוי איך בין פון שרה־ליבע זיגמאַן, דאָס טעכטערל פון אַ לעמבערגער מאַנופאַקטור־מעקלער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָלכאָזנע מיידל פון אַ פאַרוואָרפן דערפל אונטער בריאַנסק, מיט דעם נאָמען ליובאַ אַנדעראַסאָוואַ.

ביי די ווערטער האָט טעלמאַן דערלאַנגט ליובען די האַנט און מיט אַ שולדיקן שמייכל געזאָגט:

זיי מיר מוחל שרה־ליבע, וואָס איך האָב דיך באַליידיקט, נאָר פאַרשטייי, אַז ביי אונדז זענען אַלע פאַרטיזאַנערס אַזוי ווי די דאָמבעס און דו זעסט אויס ווי אַ פאַרטריקנט מזוזהלע, נאָר דו געפעלסט מיר און מיר וועלן זיין גוטע פריינט.

# קאַפּיטל 7

## די פּאַרטיזאַנערן ליובאַ

איך האָב ליובען איבערגעגעבן אונטער דער אויפזיכט פון רייזעלע אָסטערמאַן, וועלכע מיר האָבן אויף אַ שפּאַס גערופן: דער „פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער". רייזעלע אָסטערמאַן האָט אָנגעפירט מיט אַ באַזונדערן רעסאָרט, וועלכער האָט אויסגעפירט פאָלגנדיקע אַרבעט: באַזיצנדיק פּערפעקט די ענגלישע, דייטשע, אוקראַינישע און רוסישע שפּראַכן, פלעגט זי אָפּנעמען די קאָמוניקאַטן פון די ענגלישע, רוסישע און דייטשע הויפּט־קוואַרטירן, זיי איבערזעצן אויף אוקראַיניש און צוגעבנדיק אירע אייגענע קאָמענטאַרן, אָפּקלאַפּן אויף אַ שרייב־מאַשין פלוג־בלעטלעך, דערנאָך זיי פאַרשפּרייטן צווישן דער אָרטיקער אוקראַינישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען איינע פון אונדזערע כלי־זין אין קאַמף קעגן דייטשן אָקופּאַנט.

די דייטשן און זייערע אוקראַינישע באַהעלפערס האָבן זיך אויף פאַרשידענע אופנים באַמיט, אַז די ציווילע באַפעלקערונג זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן זייערע מפּלות אויף דעם אָסט־פראָנט און זעגען דעריבער געווען דערשטוינט, ווען זיי פלעגן אַנטדעקן, אַז די באַפעלקערונג איז וועגן אַלעם גענוי אינפאָרמירט.

אום צו פאַרשפּרייטן די דאָזיקע ידיעות, האָט רייזעלע אָרגאַניזירט אַ גאַנצן שטאַב יונגע פויערטעס פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן מיט גרויס מסירת־נפש אויסגעפירט די דאָזיקע אַרבעט. רייזעלע האָט איר אַפּאַראַט דערפירט צו אַזאַ פּרעציזיע, אַז לעצטנס איז דאָס שוין געוואָרן אַ גאַנץ נאָרמאַלע דערשיינונג, ווען מען האָט אינדערפרי געטראָפן אויפגעקלעבט אין מיטן דאָרף, אויף אַן אָנגעזען אָרט, די לעצטע ידיעות פון פראָנט, ווי עס איז פאַקטיש געווען, און נישט לויט דעם דייטשן נוסח. צוליב דעם, וואָס ליובאַ האָט גוט באַהערשט די דייטשע און אוקראַינישע שפּראַכן און האָט געהאַט אַ דאָקומענט אַלס „אָסט־אַרבעטערן", האָט זי זיך גוט איינגעגעבן אַלס רייזעלעס געהילפן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן מיט גרויס מיטלייד אויפגענומען די פאַר־

מאַטערטע ליובאַ. זיי האָבן די ערשטע צייט איר נישט דערלויבט גאָרנישט צו טון און געהאָלפן ברענגען אין אָרדענונג איר גאַרדע־ראָב. ליובאַ האָט זיך אויסגערוט, אָנגענומען מיט כוחות און ווען אין אַ וואָך אַרום איז זי אַריינגעקומען אין שטאַב, האָב איך זי נישט דערקענט. אין אירע ריינע, גאַנצע מלבושים, מיט דעם ווייסן טיכל, פון דעם פּאַראַשוטן־שטאָף אויפן קאָפּ, מיט אַ העפלעכן שמייכל אויף די ליפּן האָט זי אויסגעזען וווּנדערבאַר שיין. ווען דער אַלטער פּאַרטיזאַנער סיזאָוו, וועלכער איז געווען צופעליק אין שטאַב, האָט זי דערזען, האָט ער מיט אַנטציקונג אויסגעשריגן:

— ווו האָסטו „דיאַדיאַ מישאַ“ געפונען אַזאַ פּראַכטפול מיידל!

ליובאַ האָט זיך אויף זיין אויסגעשריי צעלאַכט מיט אַ קלינגענדיקן געלעכטער, וואָס האָט זיך ווי צעשיט מיט זילבערנע גלעקעלעך. אויסער איר אויסערלעכער שיינקייט האָט ליובאַ פאַרמאָגט פיל אינערלעכע מעלות. זי איז געווען זייער אַרבעטזאַם, האָט ליב געהאַט אָרדענונג נישט נאָר ביי זיך, נאָר האָט דאָס געפאָדערט אויך ביי די אַרומיקע. אין דער פרייער צייט, פלעגט זי אַריינגיין אין „סאַן־באַט“ (סאַניטאַרן־אָפּטיילונג) און העלפן די קראַנקן־שוועסטער, אָדער זיך אַוועקזעצן נעבן אַ פאַרווונדעטן פּאַרטיזאַנער און אים פאַרווײַלן אָדער לייענען ביכלעך.

יעדע אַרבעט, אַפילו די שווערסטע, פלעגט זי אויספירן זינגענדיק און טאַנצנדיק, מיט אַ וויץ און מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן. ליובאַ האָט, צום ביישפּיל, נישט ליב געהאַט, ווען אַ פּאַרטיזאַנער איז געווען שמוציק און אָפּגעלאָזט. ווען זי האָט באַגעגנט אַ פּאַרטיזאַנער מיט אומריינע הענט און מיט אַ פאַרויכערטן פון דער „קאָסטיאָר“ (פּאַרטיזאַנישער פייער) פּנים, פלעגט זי צו אים צוגיין און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל אַ פרעג טון:

— דו ווילסט מיר געבן אַ קוש?

— מיט פאַרגעניגן — האָט דער פּאַרטיזאַנער געווײנלעך געענטפערט.

— טאָ גיי, רייב אָפּ מיט זאַמד דיינע „גראַבליעס“ (הענט), און וואַש גוט אָפּ דיין „ציפערבלאַט“ (פּנים) און דאַן קום צוגיין צו מיר, וועל איך דיר אַ קוש טון.

ווען אין עטלעכע מינוטן אַרום, איז דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנער צוגעקומען צו ליובען, מיט ריינע הענט און מיט אַ צעשטראַלט, אָפּגעוואַשן פּנים, האָט זי אים אַרומגענומען און צו דער גרויסער צופרידנקייט פון די פאַרזאַמלטע פּאַרטיזאַנער, אים אַ קוש געטון.

פון אַלע אַלטע מונדירן און הויזן, וועלכע די פּאַרטיזאַנער פלעגן צוליב אָפּגעניצטקייט, אָדער אומריינקייט אוועקוואַרפן אין די קוסטעס, פלעגט ליובאַ אָפּשניידן די קנעפּלעך און זיי זאַמלען אין אַן אַלטן זאַק, מיט אַ פאַרבונדענער פּיאַטע, וואָס האָט איר געדינט פאַר אַ זעקל. אין דעם דאָזיקן „מאַגאַזין“, ווי זי האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן, האָט מען געקענט געפינען דייטשע קנעפּ, מיט די שוואַרצע אָדלערס, פּוילישע מיט ווייסע אָדלערס, רוסישע מיט דעם פינףעקיקן שטערן, מאַדיאַרישע, בעלגיערנע, מעשענע און אפילו הילצערנע. ווען זי פלעגט באַמערקן אַ פּאַרטיזאַנער, ביי וועלכן עס האָבן געפעלט אַ פּאָר קנעפּ אין דער מאַרינאַרקע, האָט זי אים אָפּגעשטעלט, פאַרפירט מיט אים אַ שמועס און ווי דרך־אַגב געפרעגט:

— מיט וואָס האָסטו זיך באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה?

— איך בין געווען אין אַ קאָלכאָז — האָט דער פּאַרטיזאַנער געענטפערט.

— וואָס פאַר אַן אַרבעט האָסטו דאָרט אויסגעפירט?

— איך בין געווען אַ „סטאַרשי קאָניוך“ (אַן אויפזעער איבער די פערד).

— איך וואָלט דיר אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן נישט אָנפאַרטרויט.

— פאַר וואָס? — האָט מיט פאַרוווּנדערונג דער פּאַרטיזאַנער געפרעגט:

— ווייל, אויב דו ווייסט נישט דעם חשבון פון די קנעפּלעך אויף דיין אייגענעם מונדיר, טאָ ווי אַזוי האָסטו געקענט וויסן דעם חשבון פון דיינע פערד?... גיב נאָר מיר דיין מונדיר!

זי האָט אים געצוווּנגען אויסצוטאָן די מאַרינאַרקע און צוקלייבנדיק אין איר „מאַגאַזין“ די זעלבע גרויס און קאָליר קנעפּ, זיי אויפן אָרט צוגענייט.

צו די אַלע אייגנשאַפטן האָט נאָך ליובאַ וווּנדערבאַר שיין גע־

טאַנצט. אין די זומער־אָוונטן, פאַרשטענדלעך, ווען די באַדינגונגען האָבן דערלויבט, פלעגן מיר איינאָרדענען פאַרוויילונגען. אונטער די קלאַנגען פון אַ האַרמאָניע האָבן די פאַרטיזאַנער ביז האַלבע נאַכט געטאַנצט. נאָכדעם ווי ליובאַ האָט שוין אַלע „קאַוואַליערן" פאַרמאַטערט אין די מאַסן־טענץ, פלעגט זי ערשט אָפּטאַנצן אַ יוּ־ סישע „קאַמאַרינסקע", אַ „יאַבלאָטשקאָ" אָדער אַן אַנדער פאָלקס־ טאַנץ. זי האָט געטאַנצט מיט אַזאַ לייכטקייט, אַז עס האָט זיך גע־ דאַכט, אַז זי רירט זיך גאָרנישט צו צו דער ערד, נאָר שוועבט אין דער לופט.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַלע „פרייע" פאַרטיזאַנער האָבן זי נישט געלאָזט צורו מיט זייערע ליבעס־דערקלערונגען. די שיינע, לוסטיקע ליובאַ האָט אַלע מענערישע הערצער געפאַנגען. נאָר זי האָט אַלע אין אַ גלייכער מאָס טראַקטירט, ווי חברים און אויף זייערע ליבעס־דערקלערונגען אָפּגעענטפערט מיט אַ שפּאַס אָדער אַ גלייכווערטל. אַן אויסנאַם איז געווען איין פאַרטיזאַנער, וועלכער האָט צוליב זיין באַשיידנקייט, קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן זיין אַנטציקונג מיט ליובען, כאָטש אין זיין האַרצן האָט ער גע־ פילט צו איר אַ גרויסע ריינע ליבע. זיין נאָמען איז געווען יאָסעלע און גערופן האָט מען אים „מאָנאַך" (קלויסטער־ברודער). דעם דאָזיקן צונאָמען האָבן אים געגעבן די פאַרטיזאַנער, ווייל ער איאז געווען אַ שעמעוודיקער, ווייניק רעדעוודיקער, שטענדיק אַן ערנסטער און האָט געטראָגן לאַנגע, גלייכע האָר, וועלכע זענען אים אַראָפּגעפאַלן ביז די אַקסל.

## קאַפּיטל 8

## ליובעס קינדער־יאָרן

איינמאָל, אין אַ שיינעם זומער־אָוונט, זענען מיר, אַ גרופּע פאַרטיזאַנער, געלעגן אויף דעם גראָז און כאָטש עס איז געווען גאַנץ וואַרעם, האָט אינדערמיט געברענט אַ שטאַרקער „קאָסטיאָר", בכדי מיט דעם רויך צו צעטרייבן אַ גרויסע מחנה קאָמאַרעס, וואָס האָבן

אונז שטאַרק געביסן. ליובאַ איז אויך געלעגן, אַנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף די הענט און האָט מיט אַן ערנסטן בליק געקוקט אין פייער.

— וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק, ליובע? — האָב איך איר גע־פרעגט.

— עס האָט זיך מיר דערמאָנט מיין טייערע מאַמעשי און מיין היים — האָט ליובאַ געענטפערט. — ווי גליקלעך וואָלטן מיינע על־טערן געווען, ווען זיי זעען מיך אַזאַ מונטערע און געזונטע. מיין מאַמעשי האָט געלעבט אין שטענדיקער שרעק, אַז די קינדער זאָלן נישט אַפּירשענען פון אונדזער פאָטער זיין לונגען־קראַנקייט. זי האָט אונדז קיינמאָל נישט דערלויבט אַראָפּצוטרעטן מיט אַ באָרוועסער פוס אויף דעם דיל און ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאַלטע האַרבסט־טעג, פלעגט זי אונדז שוין אייַנוויקלען אין ווארעמע מל־בושים, מיר זאָלן זיך, חלילה, נישט פאַרקילן. היינט שלאָף איך אויף דער ערד, גיי אַרום באָרוועס און בין פולקאָם געזונט... אָך, ווי עס בענקט זיך אַהיים — האָט ליובאַ פאַרענדיקט און אַ שווערן זיפץ געטאָן.

ליובעס טרויעריקע שטימונג האָט זיך איערגעגעבן די פאַרזאַמל־טע פאַרטיזאַנער. יעדערער פון זיי האָט זיך איבערגעטראָגן מיט די געדאַנקען אין זיין שטעטל. עס האָבן זיך אויפגעמישט בילדער, נאָ־ענטע און טייערע געשטאַלטן, וועלכע די דייטשע מערדער האָבן אומגעבראַכט און וועלכע מען וועט שוין קיינמאָל נישט זען. בכדי איבערצורייסן די געדריקטע שטימונג, וואָס האָט אַלע באַהערשט האָב איך זיך געווענדעט צו ליובען:

— מיר ווייסן נאָך נישט ביז היינט, ווי אַזוי דו ביסט פון שרה־ליבע זינגמאַן געוואָרן ליובאַ אַנדראָסאָוואַ. אפשר וואָלסטו אונדז איצט דאָס דערציילט?

— איך וועל גערן דערפילן אייער ווונטש און אייך דערציילן וועגן מיינע קינדער־יאָרן — מיט די ווערטער האָט ליובאַ אָנגעהויבן איר דערציילונג: — מיר האָבן געוווינט אין לעמבערג, אין אַ קליין שטיבל, אויפן ראַנד פון שטאָט. מיין פאָטער איז געווען אַ מאַנו־פאַקטור־מעקלער ד. ה., ער פלעגט פאַרמיטלען צווישן גרויסע הורט־טאָווניקעס און קליינע פראָווינצער סוחרימלעך, וואָס פלעגן קומען

פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין לעמבערג נאָך מאַנופאַקטור. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע און נישט אָנגענעמע פּרנסה.

גאַנצע טעג פלעגט ער אַרומלויפן פון איין אכסניה צו דער צווייטער, אָפּזוכן די קליינשטעטלדיקע סוחרים און איינרעדן זיי זאָלן קויפן ביי דעם הורטאָווניק, ביי וועלכן מיין פאָטער האָט פאַרמיטלט און נאָכדעם העלפן פּאַקן די סחורה און זי אַרויסשיקן מיט דער באַן.

אין אָוונט פלעגט מיין פאָטער קומען אַהיים אַ מידער, אַן אויפגערעגטער און אָפּגעבן דער מאַמעשי דעם טאָג־פאַרדינסט, וואָס איז אָפטמאָל נישט געווען גענוג אויף דורכצולעבן דעם טאָג. דאָך זענען מיר, אַלע זעקס קינדער, געווען אָנגעטאָן אָנשטענדיק און האָבן אויך באַקומען אַביסל בילדונג. דאָס האָט נאָר מיין מאַמעשי געקאָנט אַזוי דיספּאָנירן מיט דעם באַשיידענעם ביודזשעט, אַז עס זאָל אויף אַלעם קלעקן.

דאָס לעצטע יאָר פאַר דער מלחמה, האָט זיך אונדזער לאַגע באַדייטנדיק פאַרבעסערט. דער עלטערער ברודער האָט שוין אָנגעהויבן פאַרדינען אַלס עלעקטראָ־טעכניקער און צוויי שוועסטער האָבן אויסגעאַרבעט אין דער היים שאַכטלען פאַר אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק.

אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז סעפּטעמבער 1939, ווען לעמבערג איז באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. איך בין דאַן אַלט געווען 14 יאָר, און האָב אין דעם יאָר געענדיקט די אָנפאַנגס־שול. איך בין געווען פאַרצווייפלט, וואָס מיינע עלטערן זענען נישט אימשטאַנד מיך אויסצוהאַלטן אין גימנאַזיע, ווו דער אָפּצאָל איז געווען, לויט אונדזערע באַשיידענע מיטלען, אַ זייער גרויסער.

די סאָוויעטן־מאַכט האָט געמאַכט אַן איבערברוך אין דעם גאַנצן שטייגער לעבן פון די לעמבערגער יידן. אַלע לופט־געשעפטן זענען פאַרשווונדן און מען האָט געמוזט זיך נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. מיין פאָטער, וועלכער האָט געקאָנט בוכהאַלטעריי, האָט באַקומען אַ פּאָסטן פון אַ געהילפס־בוכהאַלטער אין אַ מלוכהשער האַנדלס־אונטערנעמונג און האָט פאַרדינט גענוג אויף אויסצוהאַלטן די משפחה. איך בין אַריינגעטראָטן אין אַ מיטל־שול. איך האָב זיך גענומען מיט חשק צום לערנען און האָב זיך באַקאַנט געמאַכט מיט

מיינע פּעאַיקייטן. פון מיין פּאָטער האָב איך אָפּגעירשנט אַ מוזי־קאַליש אויער און אַ שטאַרקע ליבע צו מוזיק און טענץ.

איך בין אַריינגעטראָטן אין „קרוזשאָק סאַמאָדיעיאַטעלנאָסטי" (קרייז פון קונסט־ליבהאָבער). איך בין געווען אין כאָר, אָנטייל־גענומען אין אַלע אימפּרעזעס, וואָס אונדזער שול האָט איינגעאָרדנט און שטענדיק פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. אַזוי זענען אַריבער דאָס יאָר 1940 און דער פרילינג פון 1941. דעם ערשטן מאַי 1941 איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען אַ פעסטיוואַל פון שול־כאָרן פון אַלע סאָ־וויעטישע רעפּובליקן. אונדזער כאָר, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע אין מערב־אוקראַינע, איז אויך געוואָרן איינגעלאַדן אָנטייל־צונעמען אין דעם דאָזיקן פעסטיוואַל.

אונטער דער אויפזיכט פון אונדזער מוזיק־לערער בין איך צו־זאַמען מיט נאָך 40 שילער און שילערינס אַוועקגעפאָרן קיין מאָס־קווע. דריי טעג האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער סאָוויעטישער הויפּט־שטאָט, וו מען האָט אונדז געוויזן אַלע זעענסווירדיקייטן. אונדזער כאָר האָט זיך אויסגעצייכנט און מיר אַלע כאָריסטן האָבן באַקומען מתנות. מיר איז שטאַרק געפעלן געוואָרן מאָסקווע מיט אירע גרוי־סע שיינע פּלעצער, מיט די פיל שולן, מיט דעם פּרעכטיקן מעטראָ און ברייטן, שטילן מאָסקוואַ־טייך. ווען אונדזער לערער האָט דער־קלערט, אַז ווער עס וויל אַריינטרעטן אין קאָנסערוואַטאָריע, כּדי פאַרצוזעצן די מוזיקאַלישע בילדונג, קען בלייבן אין מאָסקווע, האָב איך די ערשטע געגעבן דערויף מיין הסכּמה.

דער לערער, וואָס האָט אונדז באַגלייט, האָט זיך אונטערגענומען דעם ענין צו דערלייידיקן מיט מיינע עלטערן און איך בין געבליבן אין מאָסקווע אַלס שילערין פו דער קאָנסערוואַטאָריע. די מוטער מיינע האָט אין די ערשטע בריוו פּראָטעסטירט און געבעטן, איך זאָל קומען צוריק קיין לעמבערג, ווייל זי בענקט שטאַרק נאָך מיר, נאָר צו ביסלעך האָט זי זיך באַרואיקט. דאַקעגן מיין פאָטער איז פון דער ערשטער מינוט געווען צופרידן פון מיין אויפטו. ער איז געווען אַ יודע ניגון און האָט אויף קיין רגע נישט געצווייפלט, אַז זיין שרה־ליבע וועט ווערן אַ באַוווסטע זינגערין.

איך בין געווען גליקלעך, אָבער נישט לאַנג. דעם 22־טן יוני איז

געקומען דער היטלערישער איבערפאַל אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אין עטלעכע טעג שפּעטער איז שוין לעמבערג פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. יעדער קאָנטאַקט מיט מיינע עלטערן איז איבער־געריסן געוואָרן. איך בין געווען אין פאַרצווייפלונג און יעדן טאָג געוויינט ווען איך האָב געלייענט אין די צייטונגען וועגן די רדיפות אויף יידן אין די אָקופּירטע דורך דעם דייטש געביטן.

## קאַפּיטל 9

## די קאָלכאָזניצע ליובאַ

עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען די „זשניוועס" (שניט). אויף די טויזנ־טער העקטאַר פעלדער איז אויסגעוואַקסן די תבואה, ווייל עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זי אַראָפּנעמען. די גאַנצע מענערישע באַפעל־קערונג פון דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, איז געווען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און די פרויען האָבן זיך אַליין נישט געקענט קיין עצה געבן. דער בילדונגס־מיניסטער האָט דאַן באַפוילן צייט־ווייליק איבערצורייסן די לימודים אין די מיטל־ און הויך־שולן און די שילערס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די קאָלכאָזן אויף פעלד־אַרבעט. מיט אַזעלכע אַרבעטס־בריגאַדעס בין איך אַוועקגעפאָרן אין איינעם פון די קאָלכאָזן אין בריאַנסקער ראַיאָן. איך האָב גע־וווינט ביי אַ קאָלכאָזניק מיטן נאָמען פּיאָטר אַנדראָסאָוו, וועמענס אַלע דריי זין זענען געווען אין דער רויטער אַרמיי. דער דאָ־זיקער פּויער מיט זיין פרוי האָבן מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען און איך האָב זיך דאָרט געפילט ווי אין דער היים.

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די פעלד־אַרבעט, האָבן מיר באַקו־מען אַ באַפעל צו העלפן גראָבן אָקאָפּעס און בויען די פאַרטיידי־קונגס־ליניע אין ראַזיקן ראַיאָן. די דייטשן האָבן זיך דערווייל גע־רוקט פאָרויס. איינמאָל בשעת אַ לופט־אַנגריף אויף מאָסקווע, איז צעשעדיקט געוואָרן די געביידע פון דער קאָנסערוואַטאָריע. אין צו־זאַמענהאַנג דערמיט האָט מען אונדז באַפוילן פאַרלויפיק צו פאַר־בלייבן אויף די ערטער, ווו מיר האָבן זיך געפונען און וואַרטן אויף

ווייטערדיקע פאַראָרדענונגען. דער שווערער רוסישער ווינטער האָט אונדז פאַרכאַפּט אין די פאַרוואָרפענע קליינע דערפלעך. די פאַר־בינדונג מיט די אַרומיקע שטעט, צוליב די גרויסע שנייען, איז אי־בערגעריסן געוואָרן און מיר האָבן געלעבט ווי אויף אַן אינדזל און אפילו נישט געוווּסט, אַז דער שונא איז שוין גאַנץ נאָענט פון אונדז.

גרויס איז געווען אונדזער שרעק און פאַרוווּנדערונג, ווען איינ־מאָל, אין אַ פראָסטיקן פרימאָרגן, איז אין אונדזער קאָלכאָז אריינ־געפאָרן אַ באַנדע באַוואָפנטע דייטשן און אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען אויף זייער שטייגער. זיי האָבן צוגענומען די תבואה פון די מאַגאַ־זינען, וויפל זיי האָבן געוואָלט; זיי האָבן געכאַפּט גענדז און הינער און געצווונגען זיי קאָכן מיטאָג. אָן קיין שום שולד האָבן זיי גע־שלאָגן די קאָלכאָזניקעס. מיין לאַגע איז געוואָרן געפערלעך, אי אַלס יונג מיידל, אי אַלס יידישקע.

מיינע באַלעבאַטים האָבן דערפון געוווּסט און מיך באַרואיקט, געהייסן צערייסן מיין דאָקומענט און אַרויסבאַקומען פאַר מיר אַ צייגעניש פון דער „סעל־ראַדע“ אויף דעם נאָמען פון ליובאַ אַנדראַ־סאָוואַ, די טאָכטער פון פיאָטר אַנדראָסאָוו. זיי האָבן מיר געגעבן אַלטע מלבושים, בכדי איך זאָל אויסזען ווי אַ פויערטע און איך האָב ווייטער געאַרבעט אין קאָלכאָז. אַזוי האָב איך געלעבט מיט די גוי־טע פויערים ביז האַרבסט 1942.

אין יענער צייט האָבן זיך אָרגאַניזירט אין די בריאַנסקער וועל־דער גרויסע מחנות פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אָן אויפהער געפירט קאַמפּן מיט די דייטשן און דערפירט דערצו, אַז אין אָקטאָבער 1942 איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קעגן די פאַרטיזאַנער עטלעכע דיוויזיעס עס־עס. נאָך שווערע קאַמפן, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן די פאַרטיזאַנער און אַ גרויסע צאָל דערפער פאַרברענט צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג אַלס שטראָף, וואָס די לעצטע האָבן מיטגעהאָלפן די פאַרטיזאַנער. אַזאַ מין שטראָף־עקספּעדיציע האָט איינמאָל אַרומ־גערינגלט אונזער דאָרף, צונויפגעטריבן אַלע מענער און פרויען אין אַ הילצערנעם שטאַל און לעבעדיקערהייט פאַרברענט. די יונגט האָבן

זיי אָנגעלאָדעוועט אין פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט אויף מערב.

צוויי וואָכן זענען מיר געפאָרן אין די ענגע, אומריינע וואַגאָנען. איינמאָל ביינאַכט האָט מען אונדז אויסגעלאַדעוועט אויף אַ קליי־נער באַן־סטאַציע און אונטער אַ שטאַרקער שמירה אַוועקגעפירט אין אַ וואַלד, ווו אונטער דער ערד האָבן זיך געפונען גרויסע פאַבריקן פון אַוויאָן־באָמבעס. וואָס מיט מיר האָט ווייטער פּאַסירט, איז אייך שוין באַוווסט. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז פאַרנדיק פון דייטשלאַנד, בין איך אָפּגעשטיגן אין לעמבערג. עס האָט זיך גע־גלוסט נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן אויף דעם הויז, ווו איך האָב מיי־נע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט און ווו מיינע טייערע עלטערן האָבן געוווינט. איך האָב דערפאַר שיעור נישט באַצאָלט מיטן לעבן.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דעם געסל, ווו צווישן די עט־לעכע אָרעמע הייזקעס איז אויך געשטאַנען אונדזערע, האָב איך דערזען, אַז די טירן און פענצטער זענען אַראָפּגעריסן און עס וואַל־גערן זיך אַרום הויז צעריסענע יידישע ספרים, וועלכע מיין פאָטער האָט געהאַט אַ פולן שראַנק. איך בין שטיין געבליבן און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון מיינע אויגן. איך האָב נישט באַמערקט, ווי עס האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט און מיך באַטראַכט. מיטאַמאָל האָט ער אויסגעשריען: „זשידאָווקאַ, שרה ליבע זיגמאַן! איך האָב דיך דערקענט“ און האָט מיך אַ כאַפּ געטון ביי דער האַנט. איך בין דערשטוינט געוואָרן. אין דעם דאָזיקן רוצח האָב איך דערקענט איינעם פון מיינע אַמאָליקע שול־חברים, אַן אוקראַאינער, וועלכער האָט געוווינט אין אונדזער גאַס.

איך האָב געפילט, אַז איך בין שלעכט אַריינגעפאַלן און מוז זוכן אַן עצה ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. איך האָב אים דעריבער אָנגע־כאַפּט פאַר דער האַנט און מיט אַ סודותפולער שטימע געזאָגט: —

— מאַך נישט קיין אַלאַרם, דו האָסט די מעגלעכקייט צו פאַרדי־נען עטלעכע גאָלד־רובל, איך בין געקומען אַהער אויסגראָבן דאָס גאָלד און צירונג, וואָס מיינע עלטערן האָבן אין אונדזער הויז באַ־האַלטן אונטער דעם אויוון. אויב דו וועסט מיר העלפן דאָס טון, באַקומסטו אַ העלפט.

ביי דעם גייציקן אוקראַינער האָבן אַזש די אויגן אָנגעהויבן גלאַנצן און ער האָט אויסגערופן: דו נאַרסט מיך נישט אָפּ?

— פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז איך וואָלט אַהער נישט געקומען איינשטעלן זיך דאָס לעבן, ווען נישט אַזאַ וויכטיקער ענין. דאָס אָרט איז מיר גוט באַוווסט, איך דאַרף נאָר אַן אייזערנעם שטאַנג, אַ האַק און אַ פּאָר שטאַרקע מענערישע הענט.

איך האָב גערעדט מיט אַזאַ רואיקן טאָן, אַז דער באַנדיט האָט מיר אָנגעהויבן גלויבן און אַ זאָג געטאָן:

— הענט שטאַרקע האָב איך און אַ שטאַנג מיט אַ האַק וועל איך באַלד נעמען אָט דאָ ביים שכן.

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם שכנודיקן הויז און אַריינגעשריגן דורך דעם פענצטער, מען זאָל אים אַרויסטראָגן די מכשירים. איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט און שנעל אַריינגעלאָפן אין דעם צווייטן הויף, וועלכער גייט אַרויס אויף אַן אַנדער גאַס. מאַניפּולירנדיק צווישן די מיר גוט־באַקאַנטע געסלעך, בין איך אַוועקגעלאָפן אויף דער באַן־סטאַציע און מיט דעם ערשטן צוג, וואָס איז געגאַנגען אויף מזרח, פאַרלאָזט לעמבערג.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען ליובאַ האָט געענדיקט איר דערציילונג. די פּאַרטיזאַנער האָבן מיט ערנסטע פּנימער זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, פאַרלאָזן דאָס אויסגעלאָשן פייער און שטיל־שווייגנדיק, אַוועקגעגאַנגען אין זייערע געצעלטן.

## קאַפּיטל 10

## יאָסעלע „מאָנאַך"

יאָסעלע „מאָנאַך" איז געווען שטענדיק אַ פאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט מיט זיינע געדאַנקען ערגעץ געשוועבט אין די הימלען. ער האָט געקענט שעהן לאַנג ליגן אויף דעם רוקן מיט די הענט אונטער דעם קאָפּ און קוקן אין איין פּונקט. ער האָט דעמאָלט נישט רעאַגירט אויף די אָפּשפּאָטערישע באַמערקונגען פון די חברים, וועל־

בע האָבן אים געוואָלט אַרויסרייסן פון זיין פאַרטראַכטקייט. זיי האָבן
דאָס קיינמאָל נישט געקענט באַווייזן און סוף כל סוף געלאָזט צורו.

אַלס פּאַרטיזאַנער האָט ער זיינע אויפגאַבעס אויסגעפירט מיט
דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט שטענדיק צו אַן „אָפּע־
ראַציע“ זיך זאָרגפעליק צוגעגרייט און איך בין געווען רואיק, אַז ער
וועט קיין נישט־באַטראַכטן שריט נישט מאַכן און וועט אַלץ אויס־
פירן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. אין די אָוונטן, ווען אַלע
פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געוויילט, איז ער געזעסן אין זיין „קאַי־
באַש“ געצעלט, געפלאָכטן פון צווייגעלעך) און ביים שיין פון אַ
וואַקסן־ליכטל, עפּעס געלייענט, אָדער ער פלעגט ליגן מיט פאַר־
מאַכטע אויגן און געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געשלאָפן.

קיינער האָט נישט געוווסט קיין איינצלהייט וועגן זיינע קינדער־
יאָרן. עס איז אונדז נאָר געווען באַוווסט, אַז ער שטאַמט פון אַ
קליין שטעטל אויף פּאָליעסיע און אַז בשעת דער שחיטה, האָט מען
אים צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אויך געפירט צו די גריבער. צו
זעקס יידן האָבן די דייטשן אויסגעשטעלט אויף דער ראַנד פון אַ
טיפן גרוב און זיי דערשאָסן. ער האָט געזען ווי מען דערשיסט זיי־
נע עלטערן און ווען מען האָט אים צוגעפירט צו דעם גרוב, איז ער
געגאַנגען רואיק און האָט גלייכגילטיק געוואַרט אויף דעם טויט.
די דייטשן האָבן אויסגעשאָסן און ער איז, צוזאַמען מיט די איבערי־
קע 5 יידן, אַריינגעפאַלן אין דער טיף. ער איז אָבער בלויז געווען
לייכט פאַרוווּנדעט און געבליבן ליגן אויף די טויטע קערפּערס... מען
האָט נאָך עטלעכע גרופּעס יידן דערשאָסן און די „אַקציאָן“ איז
פאַרענדיקט געוואָרן. די דייטשן האָבן פאַרשאָטן די דערמאָרדעטע
יידן מיט אַ דינעם שיכט ערד און פאַרלאָזט דעם עקזעקוציע־פּלאַץ.

יאָסעלע האָט זיך דאַן אַרויסבאַקומען פון אונטער די טויטע
קערפּערס און אַנטלאָפן אין וואַלד. עטלעכע וואָכן האָט ער זיך אַרומ־
געדרייט אַליין, זיך דערנערט מיט ווילדע מאַלינעס און שוואָמען
און אויסגעמיטן יעדעס לעבעדיק באַשעפעניש. אין אַזאַ האַלב־
ווילדן צושטאַנד, בלויז אין צעריסענע אונטער־וועש, האָבן מיר
אים איינמאָל געטראָפן שלאָפן אונטער אַ בוים און אים מיטגענו־
מען מיט זיך. די דאָזיקע שרעקלעכע איבערלעבונגען האָבן אַוועק־

געלייגט אַ חותם אויף זיין פאַרהאַלטן זיך און אויף זיין אויסערלעכן אויסזען.

זינט ליובאַ איז געקומען אין אונדזער אַטריאַד, איז מיט יאָסע־לען פאָרגעקומען עפעס אַ פאַרענדערונג. דאָס ערשטע האָט זיך זיין אויסערלעכער אויסזען שטאַרק געביטן. די לאַנגע האָר, וועלכע זענען ביי אים אין אומאָרדענונג אַראָפּגעהאַנגען אויף דעם שטערן, אָדער האָבן געסטאַרטשעט אין אַלע זייטן און אויסגעזען ווי אַ צע־וואָרפענער סטאָג היי, האָט ער לעצטנס אָנגעהויבן זאָרגפעליק צו פאַרקעמען און האָט אויסגעזען ווי אַ קליינשטעטלדיקער פּאָעט, אָדער קאָמפּאָזיטאָר. די קנעפּלעך אויף זיין מאַדיאַרישן מונדיר, זע־נען געווען אין פולן קאָמפּלעט און די דייטשע שטיוול אָפּגעפּוצט „אויף גלאַנץ“.

נאָר די גרעסטע פאַרוואונדערונג האָט אַרויסגערופן דער פאַקט, וואָס ער איז איינמאָל, בשעת אַ פאַרוויילונג, אַרויסגעגאַנגען פון זיין געצעלט, מיט שעמעוודיקע טריט צוגעקומען צו דעם פרייען פּלאַץ, אַנטקעגן מיין „קאַיבאַש“, ווו אונטער די קלאַנגען פון אַ האַרמאָניע האָבן די פּאַרטיזאַנער געטאַנצט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים און אַזוי געשטאַנען ביז דעם סוף פון דער פאַרוויילונג. פון דאַן אָן, פלעגט ער יעדן אָוונט אַזוי טאָן. ווען מען האָט געטאַנצט אַ קאָלעקטיוון טאַנץ, ווי, למשל, די ווייסרוסישע „ליעוואָניכע“, אָדער אַ „פּאָלקע“, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע פּאַר־טיזאַנער, אַפילו די, וואָס האָבן נישט געקענט טאַנצן, און די פּאַר־טיזאַנער האָבן געוואָלט יאָסלען אויך אַריינשלעפּן אין קרייז, האָט ער זיך מיט אַלע כוחות געוועהרט. אַזוי פלעגט ער שטיין ווי אַ סטאַ־טוע און מיט אַ גלייכגילטיקן בליק קוקן אויף די טאַנצנדיקע פּאַר־טיזאַנער. נאָר ווען ליובאַ איז אַריינגעגאַנגען אין מיטן קרייז און אָנגעהויבן אויספירן איר סאָלאָ־טאַנץ, איז די גלייכגילטיקייט פון זיין געזיכט באַלד פאַרשוווּנדן, זיינע טונקל־גרויע אויגן האָבן באַ־קומען אַ באַזונדערן גלאַנץ און מיט אַ האַלב־אָפענעם מויל האָט ער נאָכגעפאָלגט איר טאַנצן. די גאַנצע וועלט האָט דאַן אויפגעהערט פאַר אים צו עקזיסטירן, ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין באַ־וועגונג פון איר שלאַנקער פיגור און האָט ווי מיטגעטאַנצט מיט

איר. ווען ליובאַ האָט איינמאָל אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געוואָלט אַריינציען אין קרייז, האָט ער מיט אַ בעטנדיקער שטימע געזאָגט:

— צוליב וואָס? שטייענדיק דאָ, טאַנץ איך דאָך אַלץ איינס מיט דיר מיט.

ליובאַ האָט זיך פאַרויטלט און לייכט אַ דריק געטאָן מיט איר צאַרט הענטל, זיין שטאַרקע מענערישע האַנט. אויף דעם צווייטן טאָג, דורכגייענדיק נעבן יאָסלס צעלט, ווו ער איז געלעגן און גע־לייענט אַ בוך, האָט זיך ליובאַ אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— וואָס לייענסטו, יאָסעלע?

— איך לייען אַן אוקראַיניש בוך, וואָס אינטערעסירט מיך נישט איבעריק — האָט יאָסעלע געענטפערט, אויפשטייענדיק פון דער ערד.

— און איך האָב באַקומען פון כטוואַנגערם יוסף פלאַוויוס; ווערסט צו מיר אַריינקומען, וועל איך דיר דאָס געבן — האָט ליובאַ גע־זאָגט, אַריינקוקנדיק אין יאָסעלעס „קאַיבאַש", ווו אין פאָדערגרונט איז געשטאַנען אַ בלעכערנע שיסל מיט אַ ביסל איבערגעבליבענעם זופּ פון מיטאָג, און דערנעבן האָט זיך געוואַלגערט אַ ברודיקע „אָנוצע".

— דיין „קאַיבאַש" זעט אויס ווי אַ צימער פון אַן אַלמן, און דיין העמד איז אויך נישט איבעריק ריין, אויב דו ווילסט, קענסטו עס מיר געבן צום אויסוואַשן.

אין אָוונט האָט ליובאַ געבראַכט יאָסלען זיין העמד אַ ציכטיקס און אויסגעפּרעסט. זי איז פאַרבליבן אַ ביסל לענגער ביי אים און זיי האָבן געמיטלעך געשמועסט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די פריינטשאַפט צווישן ליובאַן און יאָסעלען. גייענדיק אין אָוונט צו דער פאַרוויילונג, פלעגט שוין יאָ־סעלע זי אָפּוואַרטן אויפן האַלבן וועג און צוריק זענען זיי אויך גע־גאַנגען אינאיינעם. פון אָנפאַנג האָבן זיך די פאַרטיזאַנער זייער געוווּנדערט, זעענדיק יאָסעלע „מאָנאַך" אין דער ראָל פון אַ „קאַ־וואַליר". מיט דער צייט אָבער האָבן זיי זיך צוגעוווינט דערצו און דאָס צוגעשריבן אויסשליסלעך ליובעס צויבער־קראַפט.

# קאַפּיטל 11

## דער יידישער טאַנץ

שוין דאָס צווייטע מאָל איז דער „קאַראַאולני נאַטשאַלניק" (דער אויפזעער איבער דער וואַך) צוגעקומען צו די פּאַרטיזאַנער און מיט אַ געמאַכטער בייזער שטים אויסגעשריגן: „פּאָראַ ספּאַט! ראַס־כאָדים פּאָ מעסטאַם!" (שוין צייט שלאָפן! צעגייט זיך!), אָבער די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק און פאַרגעזעצט די טענץ. נאָר ווען ער איז צום דריטן מאָל צוגעקומען און באַפעלנדיק דעם האַרמאָניסט, וואַסילי וואַסיליעוויטש, אויפצוהערן שפּילן, האָט ער אַרויסגענומען זיין אַלטמאָדישן זייגער, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ לאַנג שטאָלן קייטל און אויסגעשריגן: „עס איז שוין צוועלף אַזייגער, איך באַפעל זיך צעגיין". האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל צווישן די טאַנצנדיקע.

צענדליקער פּאַרטיזאַנער האָבן צו אים אויסגעשטרעקט זייערע זייגערס און מיט איבערצייגנדיקע שטימעס געשריגן: „עס פעלט נאָך 20 מינוט!" „דיין זייגער איז אַ צעבראָכענער טראַקטאָר" אד"גל. ביי איינעם האָט דער זייגער ערשט געוויזן צען מינוט פאַר צען. אַלע האָבן געלאַכט, געשריגן און זיך געוויצלט. דער נאַטשאַלניק האָט זיי געפּרוּווט באַרואיקן: „גוט, איך גיב אייך נאָך צען מינוט, מער אָבער זאָלט איר אַפילו נישט בעטן, ווייל עס וועט אייך גאָרנישט העלפן".

— אפשר וועסטו אונדז נאָך עפּעס אָפּטאַנצן — האָב איך זיך געוואָנדן צו ליובאַן.

— זיי זענען מיר שוין נמאס, אָט די אַלע טענץ — האָט ליובאַ געענטפערט מיט אַן ערנסטער שטים — איך וואָלט איצט מיט פאַרגעניגן געטאַנצט אַ „חסידל". אין אונדזער משפּחה בין איך שוין געווען באַוווסט מיט מיין טאַנצן אַ „חסידל", נאָך ווען איך בין אַלט געווען זעקס יאָר. איך דערמאָן זיך, ווי אויף די חתונות פון אונדזערע קרובים פלעגט מען עקסטראַ באַצאָלן דעם פידלער, ער זאָל פאַר מיר שפּילן. איך האָב געטאַנצט און מיינע טייערע עלטערן האָבן

געשעפט נחת. ווי זענט איר, מיינע גוטע קינדער־יאָרן ? — האָט ליובאַ אַ זאָג געטאָן און שווער אָפּגעזיפצט.

— אויב דיר גלוסט זיך אַזוי שטאַרק, טאָ טאַנץ אַ „חסידל“. איך וואָלט אַליין אויך גערן דאָס געוואָלט זען — האָב איך זיך געווענדעט צו ליובאַן.

— אָבער ווער וועט מיר שפּילן ? וואַסילי וואַסיליעוויטש קען דאָך דאָס נישט.

— זינג דאָס אים איבער אַ פּאָר מאָל. ער איז אַ פּעאַיקער, ער וועט דאָס באַלד אויפכאַפּן אויף דער האַרמאָניע.

ליובאַ איז צוגעגאַנגען צו דעם האַרמאָניסט. עס האָט אַביסל געדויערט ביז ער האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און ענדלעך האָט ליובאַ אָנגעהויבן זינגען און ער האָט מיט איין פינגער געפירט איבער די קנעפּלעך פון דער האַרמאָניע און אַרויסבאַקומען דעם נויטיקן ניגון.

ווען זי האָט אים עטלעכע מאָל איבערגעחזרט די גאַנצע מעלאָדיע און וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט זי שוין אַליין אויסגעשפּילט, האָט ליובאַ פאַרבראָכן מיט די הענט און אויסגעשריגן : „עס רעדט נישט צו מיין נשמה; עס פעלט ייִדישקייט!“

די גאַנצע צייט, ווען ליובאַ האָט איינגעקנעלט מיט דעם האַרמאָניסט די ייִדישע ספּעציפישע מעלאָדיע, איז יאָסעלע געשטאַנען דערביי און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. נאָך ליובאַס אויסגעשריי האָט זיך יאָסעלע צו מיר געווענדעט : „„ברענג, דיאַדיאַ מישאַ, דיין פידל, איך וועל פאַר ליובאַן שפּילן אַ „חסידל!“

— דו קענסט שפּילן אויף אַ פידל ? — האָב איך מיט פאַרוווּנדערונג געפרעגט — מיר האָבן דערפון גאָרנישט געוווּסט. דו האָסט קיינמאָל אונדז וועגן דעם נישט געזאָגט.

— איך שטאַם פון אַ משפחה כלי־זמר — האָט יאָסעלע געזאָגט.

— מיין פאָטער איז געווען דער ערשטער פידלער אין אונדזער שטאָטישער ייִדישער קאַפּעלע. מיין זיידע איז געווען נאָך אַ בעסערער פידלער און האָט געשפּילט נישט נאָר אויף ייִדישע נאָר אויך אויף די גרעסטע פּריצישע חתונות. מיך האָט מען אָנגעהויבן לערנען שפּילן, ווען איך בין נאָך אַלט געווען 8 יאָר. איך האָב אַרויס־

געוויזן גרויסע פעאיקייטן און מיין פאָטער איז געווען זיכער, אַז איך וועל איבערנעמען די חזקה פון ערשטן פידלער אין אונדזער קאַפּעליע.

איך האָב געשיקט אין מיין „קאיבאַש" נאָכן פידל, וואָס איך האָב צוגענומען אין דער וווינונג פון אַן אוקראַאינישן פּאָליציאַנט. ליובאַ האָט זיך צוגעגרייט צום טאַנץ. זי האָט אָנגעטאָן אַ היטל, אונטער וועלכן זי האָט באַהאַלטן אירע געדיכטע האָר, ארויסגעלאָזט בלויז צוויי פּייעלעך, זיי קינסטלעך פאַרדרייט און אריינגערוקט די צוויי גראָבע פינגער אין ביידע זייטן פון איר סאַמעטן וועסטל. אין איין מינוט האָט זי אויסגעזען ווי אַ חסידיש בחורל.

## קאַפּיטל 12

## דעם פאָטערס ניגון

יאָסעלע האָט אָנגעסטראָיעט דעם פידל, גענומען אַ פּאָר אַקאָרדן, אויף אַ ווײַלע שטיין געבליבן מיטן סמיטשעק אויף די סטרונעס און מיט אַ פאַרחלומטן בליק זיך ערגעץ פאַרקוקט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט איצט ארויסגערופן אין זיין זכרון ביל־דער פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, דערינערונגען, וועלכע ער וועט באַלד פאַרוואַנדלען אין קלאַנגען. די פאַרטיזאַנער האָבן אים ארומגערינגלט און מיט נייגעריקייט און אומגעדולד געוואַרט.

— איך וועל צוערשט געבן מיין פאָטערס ניגון, וועלכן ער פלעגט שפּילן אויף חתונות בעתן באַזעצן די כלה און נאָכדעם דאָס „חסידל".

יאָסעלע האָט אָנגעהויבן שפּילן. מיט אַ זיכערער האַנט האָט ער געפירט איבער די סטרונעס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן צאַרטע, ציטעריקע טענער, וועלכע האָבן געגלעט די נשמה. יאָסעלע איז אריין אין טראַנס און דאָס פידעלע האָט געהאַרכזאַם אויסגע־פירט זיינע פאַרלאַנגען: עס האָט געזונגען, געוויינט, געטרוימט און אין זיסע טענער איבערגעגעבן זיינע שטימונגען. ער האָט אונדז גע־

מאַכט פאַרגעסן, אַז מיר שטייען איצט אויף דער באַלויכטענער מיט לבנה־שיין, לאָנקע, אַרומגערינגלט מיט הונדערט יאָריקע סאָסנעס.

ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע האָט אונדז יאָסעלע מיט זיין שפּילן אַריבערגעטראָגן אויף אַ יידישער חתונה אין אַ קליין שטעטל פון אוקראַינע. אָנשטאָט די ערנסטע, אָפּגעבריענטע פּנימער פון די פּאַרטיזאַנער, אין די צעריסענע פאַרשידנאַרטיקע מונדירן, האָבן מיר געזען די צעשטראַלטע פּנימער פון די מחותּנים אין די אַטלעסענע קאַפּאָטעס, אונטערגעגאַרטלט מיט די זיידענע גאַרטלען. עס זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן די פּאַרטיזאַנערנס אין די ביליקע, פּילפאַרביקע קליידלעך און אָנשטאָט זיי, האָב איך אין מיינע וויזיעס געזען מחותּנתטעס אין די געפּאַלדעוועטע, זיידענע קליידער, און סאַמעטענע אַלטמאָדישע רעקלעך, מיט זילבער באַהאָפטענע טיכלעך אויף די קעפּ, באַהאָנגענע מיט פּערל און בריליאַנטן.

דאָס פידעלע האָט ווי גערעדט און פּלוצלונג האָט זיך דאָס צעוויינט מיט אַ ווייבעריש דין געוויין. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס האָט די כּלה געוויינט... איך האָב דערזען דעם בדחן אין גרויסן סאַמעטענעם קאַשקעט מיט דעם רויטן טיכל אין דער האַנט, ווי ער שטייט אויף אַ באַנק, אינמיטן צימער, און זאָגט גראַמען... די כּלה, אַרומגערינגלט מיט אירע חברטעס, זיצט אויף אַ הויכן שטול... דורך איר דורכזיכטיקער „פאַטאַ" (וועלאָן) זע איך איר בלאַס פּנים מיט די שוואַרצע, יידישע, פאַרצויגענע מיט פייכטקייט אויגן.

ליובאַ איז געשטאַנען אַנטקעגן יאָסעלען און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן. איך האָב אין ליובען געזען די כּלה, די יתומה, צו וועלכער דער בדחן האָט אין אַ זינגענדיק וויינענדיקן קול געזאָגט זיין גראַם: „דיין פּאָטער און מוטער זענען מער נישטאָ מיט דיר, וויין זשע, כּלהניו, לאָז אַ טרער"... יאָסעלע האָט שפּילנדיק נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון ליובען און עס האָט זיך געפילט, אַז ער שפּילט איצט בלויז פאַר איר, אַז ער דריקט אויס אין קלאַנגען זיינע ריינע שטאַרקע געפילן, וועלכע ער האָט נישט געהאַט קיין דרייסטקייט אַרויסצוזאָגן מיט ווערטער.

די פּאַרטיזאַנער זענען געשטאַנען אַרום און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צו יאָסעלעס שפּילן, אין וועלכן עס האָט זיך

געפּילט נישט בלויז קונסט און די אייגנאַרטיקע יידישע מתיקות, נאָר דער גאַנצער טרויער פון זיין אַנגעווייטיקטער נשמה און זיין גרויסע ליבע צו דער, פאַר וועלכער ער האָט איצט געשפּילט.

דער „קאַראַאולני נאַטשאַלניק", וועלכער איז מיט אַנטשלאָסענע טריט צוגעגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער, כדי זיי אויפצופאָדערן זיך פאַנאַנדערצוגיין, דערהערנדיק יאָסעלעס שפּילן, איז ער שטיין געבליבן מיט דעם זייגער אין דער האַנט און האָט נישט געוואַגט איבערצורייסן דעם גרויסן, פייערלעכן מאָמענט. די יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן ממש געשלונגען די דאָזיקע מוזיק, וועלכע האָט אַזוי געערדט צו זייערע הערצער. אויסטערליש האָט דאָס אַלץ אויסגעזען: אין אַ געדיכטן סאָסנע־וואַלד, טויזנטער קילאָמעטער ביים דייטש אין הינטערגרונט, שטייט אַ יידישער בחור, וועלכער האָט זיך על פּי נס געראַטעוועט פון די הענט פון די דייטשע מערדער און צוועבערט אויס אויף זיין פידעלע געשטאַלטן און בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיט זיין קינסטלעריש שפּילן לעבט ער אויף די פאָלקסטימלעכע מאָמענטן פון אַ יידישער שמחה, אין וועלכער די פרייד איז צונויפגעמישט מיט טרערן.

יאָסעלע האָט געענדיקט מיט אַ דינעם, וויינענדיקן טרעל, וועלכער איז געוואָרן אַלץ שטילער און איז פאַרשוואונדן ערגעץ צווישן די הויכקייטן פון די אַלטע סאָסנע־ביימער. עס איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן און פּלוצלונג האָט יאָסעלע האַסטיק אַ פיר געטון מיט דעם סמיטשיק איבער אַלע סטרונעס און אָנגעהויבן שפּילן אַ פריילעכס.

ליובאַ האָט אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, אַריין אין קרייז און אָנגעהויבן טאַנצן. מיט איין מאָל איז די פּאַרטיזאַנערין ליובאַ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חסידישן יונגערמאַן, וואָס טאַנצט מיט קונסט אַ יידיש פריילעכס. מיט איר בויגעוודיקער, שלאַנקער פיגור און פלינקע פיסלעך, האָט זי נאָכגעפאָלגט יעדן טאַקט און זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט יאָסעלען אין האַרמאָניע פון מוזיק און טאַנץ. זי האָט אונטערגעקנאַקט מיט די פינגער, געדרייט די פּיאות און אונטערגעפּליעסקעט מיט די הענט. מיט דעם נאָזטיכל אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער אָנגעשפּאַרט אין אַ זייט, איז זי מיט

דריבנע טריטעלעך, קלאפנדיק א קנאפל אין א קנאפל, מיט דעם קאפ פארווארפן אויף הינטן, ארומגעגאנגען ארום דעם קרייז. מיט דעם אויסגעשריי: „גיכער, שטארקער!“ האט זי ארייננגעברענגט די צו־שויער אין אזא התלהבות, אז אלע האבן אנגעהויבן אונטערקלאפן צום טאקט מיט די הענט און די יידישע פארטיזאנער האבן נאכ־געזונגען דעם אזוי גוט באקאנטן ניגון.

יעדעם מאל, ווען זי האט פארבייגעטאנצט נעבן יאסלען, וועל־כער האט פון איר דאס אויג נישט אראפגעלאזט, האט זי צו אים א שמייכל געטאן און א קוק געטאן מיט א בליק, וואס האט געזאגט: „איך טאנץ איצט בלויז פאר דיר, בלויז פאר דיר, מיין טייערער“. יאסעלע האט פארשטאנען דעם דאזיקן בליק און האט געשפילט אלץ שטארקער און גיכער. ליובא האט אנגעכאפט מיט די הענט ביידע זייטן קלייד, גלייך ווי זי וואלט געהאלטן די פאלעס פון איר קאפאטע און אויספירנדיק פארשידענע פיגורן, נישט אפגעשטא־נען פון טאקט.

יאסעלע האט א פעסטן פיר געטאן מיט דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס און מיט א שטארקן אקארד געענדיקט. ליובא איז שטיינגעבליבן אנטקעגן אים און האט שווער געאטעמט. עס איז מיט אמאל אזוי שטיל געווארן, גלייך ווי אויף דער לאנקע וואלט קיין איין מענטש נישט געווען. פלוצים האט דוד יוראוויטשער א שליי־דער געטאן אויף דער ערד זיין גלאז מיט געטריקנטע טשערניצעס, וואס ער האט געטרונקען, צוליב זיין מאגן־קראנקהייט, און מיט דעם אויסגעשריי: „מזל טוב! מזל טוב!“, האט ער מיט זיין גע־קאוועטן שטיוול צעבראכן דאס גלאז אויף קליינע שטיקלעך. ער האט דאן צוגעפירט ליובען צו יאסעלען, און מיט א פייערלעכער שטים צוגעגעבן: „זאל זיין אין א גוטער און מזלדיקער שעה! חתן־כלה, צוקושט זיך!“. ליובא האט ארויפגעווארפן אירע צארטע הענטלעך אויף יאסעלעס האלדז און זיי האבן זיך צעקושט. די פארטיזאנער האבן געיובלט און געקלאפט „בראווא“. דעם פייערלעכן מאמענט האט איבערגעריסן דער „קאראאולני נאטשאלניק“ מיט זיין אויס־געשריי: „ראסכאדיס!“. די פארטיזאנער זענען זיך צעגאנגען אין

זייערע „קאַיבאַזשן" און האָבן לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן, זיי־ענדיק אונטער דעם איינדרוק פון דער אָריגינעלער פאַרווײַלונג.

ליובאַ האָט זיך אָנגעשפאַרט אויף יאָסעלעס האַנט און זיי האָבן לאַנגזאַם פאַרלאָזט דעם פאַרווײַלונגס־פּלאַץ. זיי האָבן גאָרנישט גערעדט, בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך ליובאַ צו אים פעסטער צוגעדריקט און אַרײַנגעקוקט אין זיין פּנים מיט אירע שיינע אויגן, וועלכע זענען געווען פול מיט גליק און ליבע. ווען זיי זענען צוגע־גאַנגען צו יאָסעלעס „קאַיבאַזש", האָט ער זיך, ווי יעדן אָוונט, אָפּגעשטעלט כדי זיך צו געזעגענען. ליובאַ האָט אָבער נישט אָפּ־געלאָזט זיין האַנט און אַ צעשמייכלטע אַ זאָג געטאָן: „איך בין דאָך היינט אַ כלה, און אַ כלה טאָר מען נישט איבערלאָזן אין וואַלד אַליין, עס קען נאָך אין איר אַריין אַ דיבוק. דו מוזט מיך אָפּפירן אַהיים".

דער געדיכטער, פּאַרטאַגיקער נעפּל האָט זיך שוין אָפּגעריסן פון דער ערד און גלעטנדיק די שטאַמען פון די בוימער, זיך געצויגן צום הימל; אַ פּיקהאָלץ האָט געקלאַפּט מיט זיין שנאָבל אין דער האַרטער קאָרע פון אַ בוים און פון דער נאָענטער אָזיערע האָט זיך דערהערט דאָס שרייען פון אַ ווילדער גאַנדז. אַ בין איז אַרויסגע־פלויגן פון בינשטאָק זוכן איר פרישטיק אויף די באַדעקטע מיט טוי וואַלד־בלומען. מיט אַ געזאַנג האָט זי זיך אַרײַנגעריסן אין ליובעס „קאַיבאַזש", געמאַכט אַ פּאָר קרייזן און צוריק אַרויסגעפלויגן. די בין האָט ליובען אויפגעוועקט. זי האָט צאַרט אַ ריר געטון יאָסע־לעס קאָפּ, וואָס איז געלעגן אויף איר ברוסט, אים אַ גלעט געטאָן איבער זיינע האָר און מיט אַ מוטערלעכן טאָן געזאָגט:

— גיי שוין, יאָסעלע, צו זיך אין „קאַיבאַזש".

יאָסעלע האָט איר נאָך איינמאָל צוגעדריקט צו זיין האַרצן און מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַ גליקלעכן שמייכל, אַוועקגעגאַנגען אין זיין געצעלט.

# קאַפּיטל 13

## די נישט געלונגענע דיווערסיע

מיט פאַרשיידענע מיטלען האָט זיך צוקאַנאָוו באַמיט צו פּאַראַליזירן אונזער פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט. אויסער דעם, וואָס ער האָט אַרעסטירט די פּויערים, וועלכע זענען געווען פאַרדעכטיקט אין האָבן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער, האָט ער אָרגאַניזירט אַ גאַנצע נעץ פון שפּיאָנען אין די דערפער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די וואַלד־מאַסיוון. די דאָזיקע מיטהעלפער האָט ער ווערבירט אויף צווייערליי אופנים: אייניקע האָט ער אונטערגעגעבן חשק צו דער דאָזיקער פאַררעטערישער אַרבעט דורך אויסצאָלן זיי פאַר יעדן פּאַרטיזאַנישן קאָפּ, אַנדערע האָט ער דורך טעראָר געצוווּנגען נאָכצושפּיאָנירן די פּאַרטיזאַנער. עס זענען געווען פאַלן, ווען ער האָט ביי די מוטערס צוגענומען זייערע מינדעריעריקע קינדער, צוזאָגנדיק זיי אָפּצוגעבן בלויז דאַן, ווען די מוטערס וועלן ברענגען ידיעות וועגן דעם אָרט, וווּ עס געפינט זיך אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. די דאָזיקע פּויערטעס האָבן אויך באַדאַרפט דינען אַלס וועגווייזערנס אין די דייטשע שטראָף־עקספּעדיציעס, וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קעגן די פּאַרטיזאַנער.

אַמשטאַרקסטן האָט צוקאַנאָוו אַפּאַראַט געאַרבעט אין די געגנטן, וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט פון די באַן־ליניעס, וווהין עס פלעגן קומען קליינע גרופּעס פּאַרטיזאַנער, כדי אויסצופירן דיווערסיעס. עס האָבן ווייניק געהאָלפן אונדזערע קעגן־מיטלען, ד. ה. דאָס פאַרניכטן די שפּיאָנען און פאַרברענען זייערע ווירטשאַפטן. אין אַ קורצע צייט האָבן מיר געהאַט עטלעכע דורכפאַלן און האָבן זיך שוין אפילו געקליבן צו פאַרלאָזן דעם ראַיאָן פון צוקאַנאָווס ווירקונגס־ספערע און זיך איבערטראָגן אין אַ ווייטערדיקע געגנט.

מיר זענען געווען שטאַרק באַאומרויִקט, ווען נאָכן אַפּלויפן פון צוויי טעג איבערן פאָרויסגעזעענעם טערמין, האָבן זיידל גרין מיט זיין דיווערסיע־גרופּע זיך נאָך נישט געהאַט אומגעקערט אין אונדזער לאַגער. אין דער דאָזיקער גרופּע איז אויך געווען יאַסע־

לע „מאַנאַך“ און דעריבער האָט זיך ליובאַ נישט געקענט קיין אָרט געפינען. אַלע מאָל איז זי אַריינגעקומען אין שטאַב פרעגן צי זע־נען נישטאָ עפּעס קיין ידיעות. יעדע פרייע שעה איז זי געשטאַ־נען אויף דעם בערגל, וואָס האָט זיך געפונען ביים אַרויסגאַנג פון לאַגער און האָט אויפמערקזאַם געקוקט צו דעם שמאָלן וועגל, דורך וועלכן יאַסעלע האָט באַדאַרפט קומען. אויף דעם דריטן טאָג באַ־גינען זענען זיידל גרין מיט 5 פּאַרטיזאַנער צוריקגעקומען. אַלע אויס־געמאַטערטע, הונגעריקע און נידערגעשלאָגענע. יאַסעלע „מאַנאַך“ און טשיגירין האָבן געפעלט. אַ מידער, איז זיידל אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד און מיט אַ טרויעריקער שטים אונדז דערציילט פאָלגנדעס:

— מיר זענען, אָן שום אָנאַנגענעמלעכקייטן, דערגאַנגען ביז צו די באַן־ליניעס. פון דעם אָרט, ווו מיר האָבן געזאָלט פאַרלייגן די מינע, האָט אונדז סך־הכל אָפּגעטיילט אַ צוויי קילאָמעטער. דעם גאַנצן וועג זענען מיר געגאַנגען זייער פאָרזיכטיק, אויסמיידנדיק יעדן דאָרף און יעדן „כוטאָר“. ווען מיר זענען אַריבערגעגאַנגען דאָס טייכל און זיך דערנענטערט צו די אויסגעהאַקטע גראָבע ביימער, וועלכע זענען געלעגן אָנגעוואַלגערט לענג־אויס דער באַן־ליניע, האָט פּלוצים אָנגע־הויבן האַווקען אַ הונט און באַלד נאָכדעם איז אַרויסגעפלויגן אין לופט אַ רויטע ראַקעטע.

מיר זענען צוגעפאַלן צו דער ערד, אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט. דער שונא האָט אונדז באַמערקט און עס האָט זיך אַ שאָט געטון אין אונדזער ריכטונג אַ האָגל פון קוילן. איך האָב באַפוילן אַוועקצוװאַרפן די שווערע מינע און אַנטלויפן. יאַסעלע און טשיגי־רין האָבן זיך געהאַלטן נאָענט פון מיר. די נאַכט איז געווען זייער אַ פינצטערע און דערפאַר האָב איך געהייסן נישט ענטפערן אויף די שאָסן, בכדי דער שונא זאָל זיך נישט אָריענטירן, ווו מיר געפינען זיך. די קוילן זענען אָן אויפהער געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ און געוואָרן מיט יעדער מינוט אַלץ נאָענטער. פּלוצים האָט טשיגירין אַ ווילדן געשריי געטון און איז אומגעפאַלן. איך האָב נאָך באַוויזן זיך אָנצובויגן צו אים און אים דערזען ליגן מיט אַן אַדורכגעשאָסענעם קאָפּ.

איך מיט יאַסעלען זענען ווייטער געלאָפן. מיר האָבן זיך געוואָלט

דערשלאָגן צו דער גרויסער „באַלאָטע“, וואָס איז שוין געווען נישט ווייט, און דאָרטן, צווישן דעם הויכן „אָטשערעט“ זיך אַביסל אָפּרוען, דאַן ווייטער לויפן. דאָס איז געווען אונדזער אײנציקע רעטונג, ווייל מיר האָבן געוווּסט, אַז די דײַטשן וועלן נישט וועלן קריכן אין דעם געדיכטן, שטינקענדיקן זומפּ. מיר זענען שוין געווען עטלעכע מעטער פון דעם זומפּ, ווען ס'האָט זיך דערהערט אַ סעריע פון אַ קוילנוואַרפער, און מיט דעם אויסגעשריי: „איך בין פאַרוווּנדעט“, האָט מיך יאָסעלע אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און אָנגעהויבן זיך אַראָפּגליטשן צו דער ערד.

איך האָב אים אונטערגעכאַפּט אונטער דעם אָרעם און געבעטן, ער זאָל זיך שטאַרקן, דאַן וועט ער מיט מײַן הילף זיך דערשלעפּן ביז דער „באַלאָטע“. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, אָבער אויף דעם פוס, וואָס איז געווען דורכגעשאָסן אונטער דער קני און האָט באַרשאַפט שרעקלעכע ווייטיקן, האָט ער נישט געקענט זיך אָנשפּאַרן. איך האָב יאָסעלען געגעבן צו האַלטן מײַן געווער, כדי צו האָבן פרײַע הענט; גענומען אים דאַן אויף די פּלייצעס און אין עטלעכע מינוטן זענען מיר שוין געשטאַנען אין דער בלאָטע, וועלכע האָט אונדז דערגרייכט ביז די קני, צווישן דעם הויכן, געדיכטן „אָטשערעט“.

ווי מיר האָבן פאַראויסגעזען, זענען די דײַטשן צוגעלאָפן ביז דער בלאָטע און אָנגעהויבן אַבומלויפן אַרום, ווי די משוגעים. אַרײַנגיין אין איר, האָבן זיי נישט געוואָלט, נאָר דערפאַר האָבן זיי נישט געקאַרגט קיין קוילן און אָן אויפהער געשאָסן אין דעם געדיכטן אָטשערעט. איך בין מיט מײַן שווערער לאַסט אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר צענדליק מעטער פון ברעג און געבליבן שטיין. יאָסעלע האָט זיך מיט דער גאַנצער וואָג פון זײַן קערפּער אין מיר אָנגעשפּאַרט און האָט שטיל געקרעכצט.

— ביז עס וועט אָנהויבן טאָגן, איז נאָך פאַרבליבן אַ שעה־אַנדערטהאַלבן — האָב איך זיך געווענדעט צו יאָסעלען — ווען די הינט וועלן זיך אַביסל באַרואיקן, וועלן מיר זיך אַרויסבאַקומען. פון דעם זומפּ און זיך באַמיען צו דערשלעפּן צו די „בונקער“, דאַן וועלן מיר זײַן געראַטעוועט.

די „בונקער“, דאָס זענען געווען רעשטלעך פון די פּאַרטיפיקאַ־

ציעס, וואָס די סאָוויעטן־מאַכט האָט אויסגעבויט לענג־אויס דער געוועזענער סאָוויעטיש־פּוילישער גרענעץ. די גרעסטע טייל בונקערס זענען געווען אויפגעריסן, אָדער פאַרמינירט. די פּאַרטיזאַנער האָבן אייניקע פון זיי אָפּגערייניקט פון די מינעס און זיי גענוצט אַלס באַהעלטענישן פון דעם שונא.

די דייטשן זענען, ווייזט אויס, מיד געוואָרן פון שיסן אָן אַ ציל און זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב ווידער אַמאָל גענומען יאָסעלען אויף די פּלייצעס און פאַנאַנדערנעמענדיק פאָרזיכטיק דעם „אַטשערעט", זיך לאַנגזאַם געריכטעט צום ברעג פון דער בלאָטע. פון דעם שטאַרקן ווייטיק און גרויסן בלוט־אָפּפלוס איז יאָסעלע געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט און יעדעס מאָל פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, ווי אויף צו חלושן. ענדלעך האָב איך דערפילט אונטער די פיס דעם ברעג. איך האָב יאָסעלען פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט אַרום. איך האָב אַרויסגענומען מיינעם און יאָסעלעס „אינדיווידועלע פּאַקעטן" (באַנדאַזשן אָנגעיאָדאָפאָרמירטע), כדי אים איבערצובינדן די וווּנד. איך האָב נאָך נישט באַוויזן אויפצורייסן דעם ערשטן פּאַקעט, ווי עס האָט זיך פּלוצים אָנגעהויבן אַ שיסעריי און איין קויל האָט מיך געטראָפן אין לינקן אָרעם. יאָסעלע האָט באַמערקט ווי איך האָב זיך אַ כאַפּ געטון פאַר דער פאַרוווּנדעטער האַנט און ער האָט שטיל געזאָגט:

— אַנטלויף, זיידל... דו וועסט מיר שוין נישט קענען העלפן... ראַטעווע זיך כאָטש דו...

— איך קען דיך נישט איבערלאָזן אין אַזאַ געפאַר — האָב איך געזאָגט.

— ראַטעווע זיך אַליין — האָט יאָסעלע אַרויסגעשטאַמלט — איך וועל זיך נישט לאָזן נעמען לעבעדיק. ביי די ווערטער האָט ער אַראָפּגענומען פון זיין פּאַסעק די גראַנאַטן. די קוילן האָבן נישט אויפגעהערט צו פליען אַרום אונדז און מיר האָבן שוין דערהערט גאַנץ נאָענט אויסגעשרייען אין דער דייטשער און אוקראַינישער שפּראַך. מיין פאַרוווּנדעטע האַנט איז מיר נאָכגעהאַנגען און איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן, דאָך האָב איך מיט דער געזונטע האַנט אַרומגענומען יאָסעלען און אים געפּרווט מיטשלעפּן מיט זיך. ער

האָט מיך אָפּגעשטויסן פון זיך און אויסגעשריגן: „איך בעט דיך, זיידל, ראַטעווע זיך... איך וויל, אַז דו זאָלסט דערציילן ליובאַן, אַז איך בין געשטאָרבן מיט איר נאָמען אויף די ליפּן".

קריכנדיק אויף אַלע פיר, האָט זיך מיר איינגעגעבן ארויסצו־באַקומען פון דער געפּאַר און אין א שעה אַרום בין איך שוין געווען אין א „בונקער". דעם גאַנצן טאָג בין איך דאָרט געלעגן באַהאַלטן, און, ווען עס איז געוואָרן פינצטער, בין איך געגאַנגען זוכן די איבער־ריקע חברים, וועלכע איך האָב געפונען אין פאַרשידענע פּונקטן. די זעלבע נאַכט זענען מיר אַוועקגעגאַנגען צו אונדזער „סוויאַזנאָי" (פאַרבינדלער) סערגעי, וועמען איך האָב דערציילט וועגן פּאַרפּאַל און אים געשיקט זיך דערוויסן, וואָס מיט יאָסעלען איז געשען נאָך מיין אַוועקגיין.

אויף דער צווייטער נאַכט האָט זיך סערגעי אומגעקערט און האָט מיר דערציילט דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער „אָבלאַווע" אויף אונדז. אין דעם פּאַטראָל האָבן אָנטיילגענומען א געמישטע גרופּע פון דייטשן און אוקראַינישע פּאָליציאַנטן פון צוקאַנאָווס באַ־צירק. ווען מיר זענען אריין אין דער בלאָטע און זיי האָבן פאַרלוירן אונדזערע שפּורן, האָבן זיי צעווארפט א לענגערע צייט באַשאָסן די בלאָטע און די גאַנצע אומגעגנט אַרום איר. דערנאָך באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן נישט ווייט און אויסוואַרטן ביז פּאַרטאָג. בלויז פון צייט צו צייט, ווען זיי האָבן באַמערקט עפּעס פאַרדעכטיקס, האָבן זיי גע־שאָסן. בשעת אַזאַ מין שיסעריי בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן זיי זיך געלאָזט זוכן אונדזערע שפּורן און אָנגעטראָפן אויף יאָסלען, וועלכן זיי האָבן אָנגענומען פאַר א טויטן. ווען זיי האָבן זיך אָבער צו אים דערנענטערט, האָט ער גע־וואָרפן זיין גראַנאַטע און איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך, צו־זאַמען מיט דריי דייטשן און 1 פּאָליציאַנט".

## קאַפּיטל 14

## „איך וועל נעמען נקמה"!

ליובאַ איז געווען אין שטאַב בשעת זיידל גרין האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט וועגן זיין אומגליקלעכער דיוועוערסיע. זי איז געזעסן אַ בלאַסע און מיט אַ דערשראָקענעם בליק זיך צוגעהערט צו זיין דערציילונג. מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין איין באַוועגונג האָט זי נישט פאַראַטן אירע שרעקלעכע איבערלעבונגען. זי איז ווי פאַרשטייי־נערט געוואָרן פון איר גרויסן צער. בלויז ווען זיידל האָט איבער־געחזרט יאָסלס לעצטע ווערטער, האָט זי פאַרביסן די ליפּן און פון אירע אויגן האָבן זיך אַ גאַס געטון צוויי דורכזיכטיקע שנירלעך טרערן. זי האָט נישט געוואַרט ביז זיידל וועט פאַרענדיקן שילדערן זיינע ווייטערדיקע איבערלעבונגען, נאָר זיך אויפגעריסן פון אָרט, אַראָפּגערוקט איר טיכל נידעריק אויף דעם שטערן און מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ אַוועקגעגאַנגען אין איר צעלט.

צוויי טעג איז זי געלעגן, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין איר איינ־ציק קליין קישעלע און האָט שטיל געוויינט. אירע חברטעס האָבן איר געבראַכט עסן, נאָר זי האָט זיך צו דעם אפילו נישט צוגערירט. זיי האָבן איר געפּרוווט באַרואיקן, נאָר זעענדיק אירע גרויסע ליידן, האָבן זיי נישט געפונען קיין ווערטער, כדי איר צו טרייסטן. אויף דעם דריטן טאָג, אינדערפרי, איז זי אַריינגעקומען אין שטאַב, איר פּנים איז פאַר די צוויי טעג געוואָרן אויסגעצויגן און די אויגן — טיפער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיר און קוקנדיק אין אַ זייט, שטיל געזאָגט:

— איך האָב געוואָלט מיט דיר אַרומרעדן אַ וויכטיקן ענין.

— זאָג וואָס דו ווילסט — האָב איך זיך צו איר געווענדעט.

— דער איינציקער שולדיקער אין מיין יאָסעלעס טויט, איז דער פאַרעטער צוקאַנאָוו — האָט ליובאַ אָנגעהויבן — איך האָב דע־ריבער באַשלאָסן צו גיין קיין קאַראָסטען און נקמה נעמען אין דעם באַנדיט. איך וויל זיין צוקאַנאָווס מלאך המות, דאָס מוז איך אויס־פירן, אפילו ווען איך זאָל דערביי מיין לעבן פאַרלירן.

איך האָב מיט פאַרווּנדערונג אויסגעהערט ליובעס רייד און גע־זאָגט:

— מײַערע ליובא, איך פאַרשטײ דײַן פאַרצווייפלונג אין צו־זאַמענהאַנג מיטן טויט פון יאָסעלען, וועלכן מיר האָבן אַלע אַזוי געליבט. דו ביזט אָבער יונג און נאָך אַזעלכע שווערע איבערלעבונ־גען, וואָס דו האָסט דורכגעמאַכט, איז נישט צוועקמעסיק, לויט מײַן מיינונג, איינצושטעלן דײַן לעבן אין אַזאַ ריזיקאַלישער אָפּעראַציע.

— די דאָזיקע אָפּעראַציע איז גאָרנישט אַזוי ריזיקאַליש, ווי דו שטעלסט זיך פאָר, דיאַדיאַ מישאַ — האָט ליובאַ פּראָטעסטירט — איך האָב מיט אַלע איינצלהייטן דורכגעטראַכט מײַן פּלאַן און וויל דיך מיט אים באַקאַנטמאַכן.

— איצט בין איך פאַרנומען, אין אַ פּאָר טעג אַרום וועסטו צו מיר אַרײַנקומען, וועל איך דיך אויפמערקזאַם אויסהערן.

איך האָב אַזוי געענטפערט, ווײַל איך האָב געוואָלט, אַז עס זאָלן אַוועקגיין נאָך עטלעכע טעג, אין משך פון וועלכע ליובאַס ווײַ־טיק וועט אַביסל געשטילט ווערן.

## קאַפּיטל 15

## ליובעס פּלאַן

אונדזער לאַגע האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט. אין דער לעצטער וואָך האָבן מיר ווידעראַמאָל געהאַט צוויי מיאוסע דורכ־פאַלן, אין וועלכע עס האָט זיך געפילט די געניטע האַנט פון צוקאַ־נאָוון. איינמאָל, ווען איך בין געזעסן אין שטאַב, צוזאַמען מיט די קאָמאַנדירן פון די באַזונדערע גרופּן און אונדזער קאָראָספּאָנדענט „סוויאַזנוי" — דער זון פון אַן אוקראַיִנישן דאָקטאָר — האָט אונדז דערציילט שוידערלעכע געשיכטעס וועגן צוקאַנאָווס אויפפירן זיך אין קאָראָסטען גופא, איז אַרײַנגעקומען ליובאַ.

— לויט מײַן מיינונג, איז שוין די העכסטע צײַט, אַז איר זאָלט אויסהערן מײַן פּלאַן וועגן גיין קיין קאָראָסטען און הרגענען צוקאַ־נאָוון — האָט ליובאַ געזאָגט מיט אַן אַנטשלאָסענעם טאָן — אין

דעם דערפֿאַלג בין איך זיכער, ווייל מיין מאַמעשע איז מיר היינ־טיקע נאַכט געקומען צו חלום און האָט מיר געזאָגט: „גיי קיין קאַ־ראַסטען און הרגע צוקאַנאָוון, איך וועל דיר העלפֿן". און ווען מיין מאַמעשע קומט מיר צו חלום, ברענגט זי מיר שטענדיק אַ גוטע בשורה, דאָס האָט זיך שוין פֿיל מאָל באַשטעטיקט.

— איצט ווייס איך שוין פֿון וועמען דו האָסט אָפּגעירשנט דיין דרייסטקייט, פֿון דיין מוטער — האָב איך אויף אַ שפּאַס גע־זאָגט, וועלנדיק פֿאַרבעסערן ליובעס שטימונג — דיין חלום איז אַ שוואַכער אַרגומענט כדי דיר צו דערלויבן זיך אַליין איבערגעבן אָט דעם באַנדיט אין די הענט. דו האָסט איינשלאָפֿנדיק, געוויס גע־טראַכט וועגן צוקאַנאָוון און דערפֿאַר האָט זיך דיר געחלומט אַזאַ חלום. יעדנפֿאַלס, האָב איך דיר צוגעזאָגט אויסצוהערן. זעץ זיך אַוועק און גיב אונדז איבער דיין פּלאַן.

— מיין פּלאַן איז פֿאָלגנדער — האָט ליובאַ געזאָגט, אַרויס־נעמענדיק פֿון איר קאָרסאַזש אַ פּאַפּירל צונויפֿגעלייגט אין פֿירן — דאָס איז מיין דאָקומענט, וועלכן די דייטשן האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַלס דעמאָביליזירטע „אָסטאַרבעטערין", מיט וועלכן איך קען זיך פֿריי באַוועגן איבער די אָקופּירטע שטעט פֿון אוקראַינע, אויף מיין צוריקוועגס קיין בריאַנסק.

„איך וועל זיך אָנטון אין אַ צעריסן קליידל, צוטשעפּען מיין „אָסטצייכן", וועלכן איך האָב זיך איבערגעלאָזט אַלס אָנדענק און וועל קומען קיין קאָראָסטען. דאָרט וועל איך זיך אַרומדרייען אין די גאַסן און זיך אַזוי אויפֿפֿירן, אַז מען זאָל מיך, אַלס פֿאַרדעכטיקע, אַרעסטירן און ברענגען צו צוקאַנאָוון. ווי איך האָב געהערט פֿון די פּאַרטיזאַנערינס, איז צוקאַנאָוו אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון פֿרויען, און טאַקע דעם שטריך פֿון זיין כאַראַקטער וועל איך אויסנוצן. ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים, וועל איך לאָזן אין גאַנג מיין גאַנצן פֿרויען־רייץ און אָנווענדן אַלע מעטאָדן פֿון די פֿרויען־שפּיאָנ־קעס, וועגן וועלכע איך האָב פֿיל געלייענט אין די פֿאַרשידענע קרי־מינעלע ראָמאַנען. איך האָף, אַז איך וועל אים פֿאַנגען אין מיין נעץ און דאַן וועל איך זוכן אַ מיטל ווי אַזוי אים צו הרגענען.

— דאָס איז מיין פּלאַן — האָט ליובאַ פֿאַרענדיקט — אויף

יעדן פאַל, האָט מיר אונדזער דאָקטאָר זובקעוויטש צוגעזאָגט צו געבן
אַ פּאָרציע סם. אויב איך וועל זי נישט באַוויזן איינצוגעבן צוקאַ־
נאָוון, וועט זי מיר, מעגלעך, צונוץ קומען, כדי זיך אַליין אָפּצוסמען,
אויב איך וועל זיך פאַרשיטן.

— די ערשטע טייל פון דיין פּלאַן קען זיך לייכט איינגעבן —
האָט געזאָגט דער נאַטשאַלניק פון שטאַב — ד. ה. אַרעסטירן קען
מען דיך און אַפילו ברענגען צו צוקאַנאָוון, אָבער דו זאָלסט אים
טויטן אָן געווער, אין דעם צווייפל איך.

— זאָל זיך מיר נאָר איינגעבן צו באַקענען מיט צוקאַנאָוון און
ווייטער וועלן מיר שוין זען — האָט ליובאַ מיט אַ זיכערן טאָן גע־
זאָגט — איבעריקנס, וועל איך דאָך האָבן מיט אייך אַ קאָנטאַקט,
דורך אונדזער קאָראַסטעניער „סוויאַזנאָי" און וועל אייך יעדעס מאָל
מיטטיילן וועגן מיין לאַגע און מיט אייך זיך אַן עצה האַלטן. איך
בעט אייך דעריבער מיר צו דערלויבן גיין קיין קאָראָסטען, ווייל איך
האָב אַ פאָרגעפיל, אַז איך וועל זיין צוקאַנאָווס מלאך־המות.

— מיר האָבן דיין פּלאַן אויסגעהערט און וועלן אים באַטראַכטן
— האָב איך געזאָגט.

ליובאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון שטאַב און די פאַרזאַמלטע קאָ־
מאַנדירן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסזאָגן וועגן דעם, צי מען זאָל
דערלויבן ליובען גיין קיין קאָראָסטען, צי ניין. די מערהייט איז גע־
ווען דערפאַר מען זאָל איר יאָ דערלויבן. זיי האָבן דאָס מאָטיווירט
דערמיט, וואָס זי האָט אַ כשרן דאָקומענט, באַזיצט פּערפעקט די
אוקראַינישע שפּראַך און די הויפּטזאַך, וואָס זי איז קלוג, דרייסט
און האָט אַ גיכע אָריענטאַציע. מען קען זיך אויף איר פאַרלאָזן.

דעם צווייטן טאָג אינדערפרי איז ליובאַ אַרויסגעגאַנגען פון
אונדזער לאַגער אין דער ריכטונג פון קאָראָסטען. זי איז געווען אָנגע־
טון אין די זעלבע צעריסענע מלבושים, ווי דעמאָלט, ווען איך האָב
איר צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין וואַלד, אַ באָרוועסע.

## קאַפּיטל 16

## אין קאַראַסטען

מיט לאַנגזאַמע טריט גייט ליובאַ איבער איינער פון די קאַראַס־טענער הויפּט־גאַסן. מיט נייגעריקע בליקן באַטראַכט זי יעדן דורכ־גייער. זי שטעלט זיך אָפּ ביי יעדן שויפענצטער פון די דייטשע קאָאָפּעראַציוון און באַטראַכט אויפמערקזאַם די פלעשער מיט פאַר־שידענע געטראַנקען, וואָס זענען דאָרט אַרויסגעשטעלט. זי גייט אָפּט אַראָפּ פון טראָטואַר און בלייבט שטיין אין מיטן גאַס מיט אַן אָפּן מויל, בכדי בעסער צו אָבסערווירן און באַוואונדערן די דורכגייענדיקע, אויסגעפּוצטע דייטשע קראַנקן־שוועסטער, אָדער אַ פרוי פון אַן אוקראַאינישן מלוכה־באַאמטן.

מיט איר אויסערלעכן אויזען און באַנעמונג מאַכט זי דעם איינ־דרוק פון אַ דאָרפס־מיידל, וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען אין אַ גרויסער שטאָט. די צוויי שטייף־פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך, וועלכע זענען ביי איר אָפּגעשטאַנען אין ביידע זייטן קאָפּ און געווען פאַר־בונדן מיט אַ העל שטיקל שטאָף, האָבן איר געמאַכט זייער קאָמיש. דערצו האָט זי זיך באַמיט, די גאַנצע צייט, איינהאַלטן אויף איר געזיכט אַ נאַריש־צופרידענעם שמייכל.

דעם ערשטן טאָג האָט איר קיינער נישט פאַרהאַלטן, כאָטש זי איז געווען נעבן קאָמיסאַריאַט פון דער פּאָליציי און זיך לענגער אָפּגעשטעלט נעבן יעדער אָפיציעלן אַנשטאַלט. זי האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט איז זי אַריינגעגאַנגען צו אַ פּויער און, אַרויסרופנדיק מיטלייט אַלס „אָסט־אַרבעטערין“, דאָרט איבערגענעכטיקט. אינדערפרי איז זי ווידעראַמאָל אַרויסגעגאַנגען אויף איר שפּאַציר איבער די קאַראַסטעניער גאַסן. אַרום 10 אַזייגער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט באַוואַכט דעם אַריינגאַנג פון אַן אוקראַאינישן אַמט. מיט אַ נייגעריקן בליק האָט זי באַטראַכט דעם אוקראַאינישן פּאָליציאַנט, וועלכער איז גע־ווען אָנגעטון אין אַ שוואַרצן מונדיר, שוואַרצער פּילאָטקע אויפן

קאָפּ און אין גוט־אָפּגעגלאַנצטע שטיוול. ער האָט באַמערקט ווי זי באַטראַכט אים און מיט אַ צופרידענעם שמייכל געפרעגט:

— איך געפעל דיר, מיידל?

ניין! — האָט ליובא געענטפערט.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב ליב אַ סאָלדאַט מיט וואָנצעס, וואָס טראָגט אַ גרינעם מונדיר און נישט אַזעלכע שווארצע מלבושים, ווי אַ באַגרעבער.

דעם פּאָליציאַנט האָט זיך, ווייזט אויס, געלאָנגווייליקט אויף זיין פּאָסטן און ער איז געווען צופרידן, וואָס גאָט האָט צוגעשיקט עפּעס אַ נאַריש „קאָלכאָזנע מיידל", מיט וועלכער ער קען זיך אַביסל פאַרווייל‍ן און ער האָט געענטפערט:

— איך בין נאָך יונג און עס וועלן מיר נאָך אויסוואַקסן וואָנצעס, און מיינע מלבושים זענען געניייט פון דעם בעסטן דייטשן שטאָף. דו וואָלסט געווען גליקלעך, ווען מען גיט דיר אַזאַ שטיקל שטאָף אויף אַ יום־טובדיק קליידל.

— איך וואָלט אַזאַ קליידל זיך געמיאוסט אויף דעם לייב אָנצוטון — האָט ליובא רואיק געזאָגט.

— פאַרוואָס?

— ווייל עס איז דייטשיש.

— אַזוי, האָסט פיינט די דייטשן? — האָט מיט אַ שמייכל דער פּאָליציאַנט געפרעגט.

— נישט נאָר די דייטשן, נאָר אויך זייערע „נאַימיטן" (משרתים).

— אָ! אָ! דו ביסט אַ דרייסטע — האָט דער פּאָליציאַנט מיט פאַרוואונדערונג אויסגעשריען — פון וואַנען האָסטו זיך אַהער גענומען, אַזאַ חכמה?

— איך בין געבוירן אויף מזרח און געקומען פון מערב — האָט ליובא געענטפערט און זיך נאַריש צעלאַכט.

— עפּעס רעדסטו מיט רעטענישן — האָט דער פּאָליציאַנט אַ זאָג געטון שוין אַביסל ברוגז — דו הויבסט מיר אָן ווערן פאַרדעכטיק, דו האָסט אַ „פּאַשפּאָרט"?

— צוליב וואָס דאַרף איך אַ פּאַספּאָרט, אַז איך בין אַליין דאָ.

ביי די ווערטער איז דורכגעגאַנגען אַ צווייטער פּאָליציאַנט. דער ערשטער האָט אים פאַרהאַלטן און געזאָגט:

— באַטראַכט נאָר אָט די „קאָלכאָזנע סאָראָקע". זי זאָגט, אַז זי האָט פיינט די דייטשן, צוזאַמען מיט זייערע „נאַימיטן". אפשר וואָלסטו זי אָוועקגעפירט צום קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, ער זאָל זי אַביסל אַ טרייסל טון, ווייל זי זעט מיר אויס פאַרדעכטיק.

— דו ביזט אַליין אַ „קאָלכאָזנע סאָראָקע" און דערצו נאָך אַן אונטערגעשאָסענע — האָט ליובאַ אָפּגעענטפערט מיט אַ באַליידיקטן טאָן — און איר האָט מיך נישט וואָס צו טרייסלען, איר וועט פון מיר גאָרנישט אַרויסטרייסלען, ווייל איך האָב היינט נאָך גאָרנישט געגעסן.

— טאָ קום מיט מיר, וועל איך דיר שוין אָנהאָדעווען — האָט דער צווייטער פּאָליציאַנט געזאָגט און אַ נעם געטון ליובען ברוטאַל פאַר דער האַנט.

— איך וויל נישט גיין מיט דיר — האָט אויסגעשריען ליובאַ און זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט — איך דאַרף נישט אייער עסן. איר זייט אַליין אויף דייטשער קעסט.

זי האָט געמאַכט אַ ברוגזע מינע און אַ באַוועגונג אויף אָוועקצוגיין. דער פּאָליציאַנט האָט נאָך פעסטער אָנגעכאַפּט ליובען פאַר דער האַנט און זי אַ שטופּ געטון פאַר זיך. זי איז געפאַלן אויף דער ערד און מיט אַ וויינענדיק קול אויסגעשריען:

— איר אויסוווּרפן! איר באַליידיקט אַן אָרעמע יתומה. גאָט וועט אייך דערפאַר באַשטראָפן. איך האָב אייך פיינט!

דער פּאָליציאַנט האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיין ביקס און שטרענג באַפוילן:

— שטיי שנעל אויף און גיי, אַז מען באַפעלט דיר!

ליובאַ האָט זיך אויפגעשטעלט, קוקנדיק מיט אַ דערשראָקענעם בליק אויף דער ביקס און ווישנדיק בלומרשט די טרערן מיט דעם עק פון איר שאַל, האָט זי זיך געלאָזט אָוועקפירן אין דער פּאָליציי.

# קאַפּיטל 17

## אין צוקאַנאָווס קאַבינעט

דער פּאָליציאַנט האָט אַריינגעפירט ליובען אין אַ העל־באַלויכ־טענעם קאַבינעט, וווּ ביי אַ גרויסן טיש איז געזעסן דער „נאַטשאַל־ניק“ און האָט געשריבן לויט די באַשרייבונגען פון די פּאַרטיזאַנע־רינס, האָט זי אין אים באַלד דערקענט, צוקאַנאָוון.

— איך האָב פאַרהאַלטן אַ פאַרדעכטיקע פרוי — האָט גע־מאָלדן דער פּאָליציאַנט.

צוקאַנאָוו האָט גאַרנישט געענטפערט און פאַרגעזעצט זיין אַר־בעט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער דערלאַנגט דעם פּאָליציאַנט אַ פאַרקלעפּטן קאָנווערט און שטרענג געזאָגט:

— די פרוי זאָל דאָ בלייבן און דו, טראָג אַוועק דעם „פּאַקעט“ צום „אָרטס־קאָמענדאַנט“.

נישט געבנדיק אפילו קיין איין קוק אויף ליובען, האָט ער זיך פאַרטיפט אין די פּאַפּירן, וואָס זענען געלעגן פאַר אים. ליובאַ האָט מיט אַ שנעלער באַוועגונג אויסגעגלייכט אירע האָר, אַרומגעצויגן די בלוזקע און מיט אַ העפלעכן שמייכל אָבסערווירט צוקאַנאָוון. ער האָט געענדיקט, צוגעגאַנגען צו ליובען און זי אַ לענגערע ווײַלע באַ־טראַכט.

— ווער ביסטו און פון וואַנען האָסטו זיך גענומען קיין קאָ־ראָסטען?

— איך שטאַם פון בריאַנסקער געגנט און בין געוואָרן אַרויס־געפירט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. דאָרט בין איך קראַנק גע־וואָרן און מען האָט מיך באַפרייט און דערלויבט צו פאָרן אַהיים.

— האָסטו וועלכע עס איז דאָקומענטן? — האָט צוקאַנאָוו שטרענג געפרעגט.

ליובאַ האָט אַרויסגענומען פון בוזעם אַן אומריינע שמאַטקע, פאַרבונדן מיט עטלעכע קניפּן און מיט די ציין אָנגעהויבן זיי אויפ־צוקניפּן. פון דער ערשטער שמאַטקע האָט זי אַרויסגענומען אַ צווייטע, פון דער צווייטער אַ דריטע און ערשט פון דער לעצטער

האָט זי אַרויסבאַקומען איר דייטשן דאָקומענט און אים דערלאַנגט צוקאַנאָוון. לאַנג און זייער אויפמערקזאַם האָט ער באַטראַכט דעם דאָקומענט, אָפּמעסטנדיק פון צייט צו צייט ליובען מיט אַ שאַרפן בליק, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון איר נשמה.

— דער דאָזיקער דאָקומענט איז געוואָרן אַרויסגעגעבן מיט 4 חדשים צוריק. אַזוי לאַנג האָט ביי דיר געדויערט דער וועג פון דייטשלאַנד?

ליובאַ האָט אויסגעהאַלטן זיין בליק און רואיק געענטפערט:

— ווען איך זאָל געווען פאָרן ווי אַ פּאַסאַזשיר, וואָלט איך אין עטלעכע טעג געווען אין בריאַנסק. מיר האָט מען אָבער דערלויבט צו פאָרן בלויז מיט לאַסט־צוגן, וועלכע זענען צו עטלעכע טעג געשטאַנען אויף די סטאַנציעס, דערצו האָב איך פון צייט צו צייט געמוזט אַראָפּגיין אויסבעטן אַ שטיקל ברויט, אָדער פאַרדינען מיט אַרבעט אויף דעם עסן. דערפאַר האָט אַזוי לאַנג געדויערט.

— פאַרוואָס ביסטו נישט געפאָרן גלייך קיין בריאַנסק, נאָר האָסט זיך גאָר פאַרהאַלטן אין קאָראָסטען?

— דאָס איז אויך נישט מיט מיין גוטן ווילן — האָט ליובאַ געענטפערט — ביז נאָוואָגראָד־וואָלינסק בין איך געפאָרן אָן שום געשעענישן. דאָרט האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ ליידיקן לאַסט־וואַגאָן, מיט וועלכן עס איז אויך געפאָרן דער באַגלייטער. ווי נאָר דער צוג האָט גערירט פון אָרט, האָט דער דאָזיקער אויסוואורף אָנגעהויבן צו מיר צושטיין מיט נישט־אָנשטענדיקע פאָרשלאָגן און שפּעטער האָט ער זיך אויף מיר געוואָרפן און געוואָלט פאַרגוואַלטיקן. איך האָב זיך מיט אַלע כוחות געווערט און דער דאָזיקער גראַנגל האָט געדויערט דעם גאַנצן וועג ביז קאָראָסטען. ווען דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו עפּעס אַ בריק און אַביסל פאַרקלענערט דעם גאַנג, בין איך פון אים אַרויסגעשפּרונגען. צום גליק איז מיר גאָרנישט געשען בשעת דעם דאָזיקן ריזיקאַלישן שריט. נאָך איצט שטייט מיר פאַר די אויגן דער דאָזיקער באַנדיט. ער האָט מיר דאָס גאַנצע קלייד צעריסן און מערדערלעך געשלאָגן. דו זעסט, אָט איז נאָך אַ סימן.

ביי די ווערטער, האָט זי אָפּגעקנעפּלט איר בלוזע און אים גע־וויזן דעם אַקסל, וועלכן זי האָט זיך צעדראַפּעט מיט אַ נאָכהענגענ־דיק צווייגל אין וואַלד. בשעת מעשה האָט זי „נישטווילנדיק", אַנט־בלויזט אירע רייפע, מיידלשע ברוסטן. צוקאַנאָוו האָט איר געגעבן אַ גלעט מיט דער האַנט דעם אַקסל און ליובא האָט באַמערקט אַ גייציק פייערל אין זיינע אויגן.

— וואָס־זשע דענקסטו איצט צו טון ? — האָט צוקאַנאָוו גע־פרעגט, שוין מיט אַ מילדערן טאָן.

— איך וויל גיין צופוס קיין בריאַנסק — האָט ליובא געענט־פערט.

— צופוס קיין בריאַנסק — האָט איבערגעפרעגט צוקאַנאָוו, און זיך לוסטיק צעלאַכט — דו ווייסט וויפל קילאָמעטער עס איז פון קאַראַסטען קיין בריאַנסק ?

— אַזוי געלערנט בין איך נישט — האָט ליובא נאַאיוו געענט־פערט — איך ווייס נאָר, אַז עס איז זייער ווייט און די גאַנצע צייט דאַרף מען גיין אין דער זייט, וווּ די זון גייט אויף.

— דו זעסט נישט אויס צו זיין אַזאַ שטאַרקע, אַז דו זאָלסט קענען דורכמאַכן אַזאַ ווייטע שטרעקע צופוס. איך וואָלט דיר בע־סער געראָטן דאָ צו פאַרבלייבן אויף אַ קורצער צייט, כּדי אָפּצורוען. דו קענסט דאָ געפינען אַ וועלכע עס איז אַרבעט און פאַרדינען עט־לעכע מאַרק און דאַן מיט דעם צוג פאָרן אַהיים.

— דו גיבסט מיר אַ גוטע עצה, איך צווייפל אָבער צי איך וועל דאָ קענען געפינען אַרבעט, ווייל איך בין פון אַ קאָלכאָז און שטאָ־טישע אַרבעט קען איך נישט.

— אָבער וואַשן און ראַמען קענסטו דאָך — האָט צוקאַנאָוו געזאָגט.

— דאָס וואָלט איך אפשר געקענט — האָט ליובא געזאָגט און צוגעגעבן מיט אַ טרויעריקער שטימע — ווער ווייסט אָבער ווו מען געפינט אַזאַ אַרבעט ?

צוקאַנאָוו האָט אויף איר געקוקט מיט זיינע גרויע, פון שטאָל־קאָליר אויגן און ליובא האָט געפילט, אַז מיט דעם בליק שאַצט ער איר אָפּ אַלס פרוי און זי הויבט אים אָן צו געפעלן.

— דו וואָלסט געקענט פאַרלויפיק אַרבעטן אין דער פּאָליציי, מיר נוויטיקן זיך טאַקע אין אַ פרוי, וועלכע זאָל האַלטן אין אָרדענונג די צימערן. אויב דו ווילסט, קענסטו דאָ בלייבן.

— איך בין דיר זייער דאַנקבאַר, — האָט ליובאַ געזאָגט מיט אַ געמאַכטן רירנדיקן טאָן און לויט דעם פויערישן שטייגער, זיך פאַר אים נידעריק פאַרנויגט.

## קאַפּיטל 18

### ליובאַ איז „פּראָדוקטיוו“

ליובאַ האָט באַדאַרפט בשעת דעם מיטאָג־איבערייס, אויסקערן אַלע צימערן און נאָך די אַרבעטס־שעהן אָפּוואַשן די פּאָדלאָגע אין דער אַלגעמיינער קאַנצעלאַריע, קאַבינעט פון „נאַטשאַלניק“ און אין דעם וואַרטע־צימער פון די פּאָליציאַנטן, ווי אויך אָפּווישן פון שטויב די טישן און די שענק. זי האָט פאַר איר אַרבעט באַקומען צוויי מאַרק אַ טאָג און אַ מיטאָג פון דער פּאָליציייִשער קיך.

די אַרבעט איז געווען נישט קיין שווערע, ווייל מען האָט איר, לויט צוקאַנאָוס פאַראָרדענונג, געגעבן צוהילף איינעם, אָדער צוויי פון די אַרעסטירטע פויערים, מיט וועלכע עס איז פול געווען דער פּאָליציי־אַרעסט. זי האָט בלויז געהאַט אויסצושטיין פיל צרות פון די פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זי נישט געלאָזט צורו און צוגעשטאַנען צו איר מיט זייערע פרעכע פאַרשלאַגן. באַזונדערס אַגרעסיוו איז געווען אַ פּאָליציאַנט מיט דעם נאָמען גאַווריליאַ, וועלכער האָט זיך אויף איר ממש מיט כוח געוואָרפן און געזוכט יעדע געלעגנהייט צו בלייבן מיט איר אַליין. ווען זי האָט אים געוואָרנט, אַז זי וועט אים אָנקלאָגן פארן „נאַטשאַלניק“, האָט ער זיך ציניש צעלאַכט און געזאָגט:

ער וועט מיר גאָרנישט טאָן, ווייל מיר גייען מיט אים אָפט צוזאַמען זוכן מיידלעך.

ליובאַ האָט זיך אין אים נוקם געווען אויף דעם פּאַרטיזאַנישן אופן. ווען די פּאָליציאַנטן האָבן געענדיקט רייניקן דאָס געווער, וואָס

זיי פלעגן יעדן אינדערפרי טאָן, און זענען אַוועקגעגאַנגען אין קיך עסן פרישטיק, איז ליובאַ אַריינגעגאַנגען און וואַרטע־צימער, ווו עס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט זייערע ביקסן און אין גאַווריליאָווס ביקס, וועלכע זי האָט געוווסט, אַז זי איז די דריטע לויט דער רייע, אַריינגעשאָטן, נישט באַמערקבאַר, אַ היפשע פּאָרציע זאַמד. דער רעזולטאַט איז געווען אַ „גלענצנדיקער".

נאָך מיטאָג זענען די פּאַליציאַנטן אַרויסגעגאַנגען אויפן גרויסן הויף, כדי צו מאַכן די טעגלעכע איבונגען. דאָרט זענען אויף אַ וואַנט, פון אַ שכנישן מויער, געווען אויסגעמאָלט פּאָרטרעטן, רויטאַרמייער און אַנדערע „שונאים". די פּאַליציאַנטן האָבן זיך געלערנט אין די דאָזיקע „מאַקעטן" צו שיסן.

פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט ווילדע געשרייען. ווען ליובאַ איז, ווי אַנדערע, אַרויסגעלאָפן אויפן הויף זען, וואָס איז געשען, האָט זי, צו איר גרויס באַפרידיקונג, געטראָפן גאַווריליאָוון ליגן אויף דער ערד אין אַ קאַלוזשע בלוט, וועלכעס האָט זיך געגאָסן פון זיין מויל און פון זיין רעכטער האַנט, אויף וועלכער עס האָבן געפעלט עטלעכע פינגער. ביי דער זייט זענען געלעגן שטיקלעך פון זיין צעריסענער ביקס.

צוקאַנאָוו האָט דעם פּאָרפּאַל דערקלערט דערמיט, וואָס אַנשטאָט רייניקן די ביקס, פלעגט זיך גאַווריליאָ פאַרנעמען מיט זוכן פרויען. ליובאַ, וועלכע האָט געהערט צוקאַנאָווס פעסטשטעלונג, האָט צוגעגעבן: „ביזט גערעכט, הער נאַטשאַלניק, דאָס האָט אים גאָט געשטראָפט פאַר מיר, מען טאָר נישט באַליידיקן אַן אָרעמע יתומה".

***

ליובאַ איז שוין מער ווי אַ וואָך אין דער פּאָליציי און מיט צוקאַנאָוון האָט זי נאָך כמעט ווי נישט גערעדט. גאַנצע טעג איז ער פאַרנומען מיט אויספאָרשן די פיל אַרעסטירטע, וואָס מען ברענגט צו אים, אָדער ער פאָרט אַרויס אין ראַיאָן אויף אַ גאַנצן טאָג און קומט בלויז אין אָוונט אויף אַ קורצער צייט. די קאָנצעפּציע וועגן אָפּשמען צוקאַנאָוון איז באַלד אין אָנפאַנג אָפּגעפאַלן, ווייל דער לעצטער האָט נישט געגעסן אין דער פּאָליציייאישער קיך, נאָר אין

זיין פּריוואַטער וווינונג, וווּ ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין געליבטער, אַ פאָלקס־דייטשקע פון לוצק. איך האָב איינמאָל דערהאַלטן פון ליובען אַ צעטעלע דורך אונדזער „סוויאַזנאָי“, מיטן פאָלגנדיקן אינהאַלט: „די געץ איז אָנגעצויגן, דער פיש וועט מוזן אַריינפאַלן. איך האָב באַשלאָסן זיך פאָרלויפיק פאַרנעמען מיט „פּראָדוקטיווער אַרבעט“. אָט ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען ליובעס „פּראָדוקטיווע“ אַרבעט:

ליובאַ האָט איינמאָל געוואַשן דעם פּאָל אין וואַרטע־צימער און נישט באַמערקבאַר זיך צוגעהערט צו דעם שמועס, וואָס צוויי פּאָליציאַנטן האָבן געפירט צווישן זיך. זיי זענען געווען שטאַרק פאַרצאָרנט, וואָס זיי מוזן מאָרגן פאָרן אין דעם שטעטל לוגיני, אַלס פאַרשטאַרקונג צו דער גרופּע דאָרטיקע פּאָליציאַנטן, וועלכע וועלן באַגלייטן אַ טראַנספּאָרט אָקסן קיין קאָראָסטען. די אָקסן זענען רעקווירירט געוואָרן אין די אַרומיקע קאָלכאָזן און זענען באַשטימט געוואָרן צו שיקן אויפן פראָנט, פאַר דער דייטשער אַרמיי. די שרעק פון די פּאָליציאַנטן איז געווען אַ באַגרינדעטע, ווייל אַ גרויסער טייל וועג האָט געפירט דורכן וואַלד, וווּ זיי האָבן געקענט דערוואַרטן אַן איבערפאַל פון פּאַרטיזאַנער.

דעם זעלבן טאָג האָט מיר ליובאַ איבערגעגעבן וועגן איר אונטערגעהערטן שמועס. איך האָב אַרויסגעשיקט עטלעכע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וועלכע האָבן אין עטלעכע ערטער געמאַכט „זאַסאַדעס“ (לויערונגען) אויף דעם וועג, דורך וועלכן דער אָקסן־טראַנספּאָרט האָט באַדאַרפט דורכגיין. אין רעזולטאַט זענען 17 פּאָליציאַנטן פון דער עסקאָרטע דערשאָסן געוואָרן און די אָקסן זענען גאַנץ גוט צונויץ געקומען, כדי בעסער צו דערנערן די פּאַרטיזאַנער.

אַ צווייטע „פּראָדוקטיווע“ אַרבעט האָט ליובאַ דורכגעפירט אויף פאָלגנדן אופן: בעת דעם מיטאָג־איבעררייס האָט ליובאַ געבראַכט אין אָרדענונג דאָס גרויסע צימער פון דער אַלגעמיינער קאַנצעלאַריע. אַלע באַאַמטע זענען אַוועקגעגאַנגען עסן, בלויז איינער איז געשטאַנען לעבן אַ „שאַפּיראָגראַף“ און האָט געאַרבעט. ליובאַ איז צו אים צוגעגאַנגען און מיט אַ נאַריש־נייגעריקן בליק זיך צוגעקוקט וואָס ער טוט. דער באַאַמטער האָט מיט אַ שמייכל זי געפרעגט:

— ביי אייך אין קאָלכאָז איז נישט געווען אַזאַ מאַשין ?

— ניין — האָט ליובאַ ערנסט געענטפערט — ביי אונדז זענען געווען אַ סך מאַשינען. מיר האָבן געהאַט אַ קאָמביין, צוויי טראַקטאָרס און עטלעכע קולטיוואַטערס, אָבער אַזאַ „שטומשקע" האָבן מיר נישט געהאַט...

דער באַאַמטער האָט זיך לוסטיק צעלאַכט, איבערחזרנדיק עטלעכע מאָל דאָס וואָרט: „שטומשקאַ".

— דאָס איז נישט קיין „שטומשקאַ" — האָט ער געזאָגט דאָס איז אַזאַ מין דרוק־מאַשין.

— און צו וואָס טויג אַזאַ מאַשין ? — האָט ליובאַ נאַאיוו געפרעגט.

— דאָס איז אויף איינשפּאָרן צייט. צום ביישפּיל, ווען מען דאַרף אָנשרייבן עטלעכע בריוו מיט איינעם און דעם זעלבן אינהאַלט, איז אָנשטאָט זיי איבערצושרייבן פיל מאָל מיט דער האַנט, שרייבט מען אָן די בריוו בלויז איין מאָל מיט אַזאַ מין ספּעציעלן טוש און מען לייגט זיי אַוועק אויף דער „שטומשקע". איצט לייגט מען אויף דעם אַוועק אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר, אַט אַזוי, מען דריקט צו מיט אָט דעם שוואַרצן רעמל און מען פירט אויף דעם דורך אַהין און צוריק מיט אָט דעם וואַליק און עס איז פאַרטיק... — ביי די ווערטער האָט ער אַרויסגענומען אַן אָפּגעדרוקטן בויגן און געוויזן ליובען. זי האָט געמאַכט אַ מינע פול מיט אַנטציקונג און פאַרווונדערונג, אָפּגעווישט צוויי פינגער אין איר קלייד און מיט גרויס יראת־הכבוד אָנגענומען ביי איין שפּיץ דעם בויגן און אים באַטראַכט.

— דאָס איז דאָך אַזוי ווי אַ גאַזעטאַ ! דאָס איז שטאַרק אינטערעסאַנט ! — האָט אויסגעשריען ליובאַ מיט גרויס אַנטציקונג און בשעת מעשה דורכגעלאָפן מיט די אויגן דעם אינהאַלט פון דער „ראַספּאָראַזשעניאַ דאָ פּרעדסעדאַטעליו סעל־ראַד" (אַ פאַראָרדענונג צו די פאָרזיצערס פון די דאָרפס־ראַטן).

די זעלבע נאַכט האָב איך שוין געוווסט וועגן דער פאַראָרדענונג פון דעם „געביטס־קאָמיסאַר" צו די פאָרזיצערס פון די דאָרפס־ראַטן, אַז זיי זאָלן צוגרייטן אַ רשימה פון יונגע פרויען און מענער,

וועלכע דאַרפֿן ווערן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט און אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועלן אין אַ גאַנצער רייע דערפֿער קומען דייטשע סאָלדאַטן און צוזאַמען מיט דער אוקראַינישער פּאָליציי דורכפֿירן די דאָזיקע מאָביליזאַציע.

אויף דער צווייטער נאַכט זענען אין די אַלע אויסגערעכנטע דערפֿער, אויף אַן אָנגעזעצענעם אָרט, געוואָרן אַרויסגעהאָנגען קאָפּיעס פֿון דער דאָזיקער פֿאַראָרדענונג, מיט די געהעריקע קאָמענטאַרן. וועגן דעם האָבן זיך שוין באַמיט רייזעלע אָסטערמאַן מיט איר „שטאַב". אין רעזולטאַט, איז די גרעסטע טייל יוגנט, אַנשטאָט צו פֿאָרן קיין דייטשלאַנד אויסאַרבעטן אַמוניציע פֿאַר דער „ווערמאַכט", בעסער אַוועק אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער.

קיין איין מאָמענט האָט ליובאַ נישט דורכגעלאָזט, כדי זיך צו דערהווּסן סודות און נאָכצושפּיאָנירן. פֿון איר שאַרף אויג האָט זיך גאָרנישט געקענט באַהאַלטן. זי האָט זיך באַמיט צו דערווּסן די נעמען און ווין־אָרט פֿון די פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען, וועלכע האָבן אין געהיים מיטגעאַרבעט מיט דעם אָקופּאַנט און געקומען מיט פֿאַרשידענע דענונציאַציעס צו דער פּאָליציי. די דאָזיקע פֿאַרעטער זענען געוואָרן ליקווידירט דורך מיינע פּאַרטיזאַנער און זייערע ווירטשאַפֿטן פֿאַרברענט.

אַזוי האָט ליובאַ, אַדאַנק איר קלוגשאַפֿט און אינטעליגענץ, געשפּילט די ראָל פֿון אַ נאַריש „קאָלכאָזנע מיידל" און נישט אַרויסרופֿנדיק קיין שום פֿאַרדאַכט, דורכגעפֿירט איר „פּראָדוקטיווע אַרבעט", וועלכע האָט אונדז אַזויפֿיל נוצן געבראַכט.

## קאַפּיטל 19

## דער פֿיש לאָזט זיך פֿאַנגען אין דער נעץ

איינמאָל אין אָוונט, איז ליובאַ אַריינגעקומען אין קאַבינעט פֿון „נאַטשאַלניק", כדי אָפּצוואַשן דעם דיל. ווען זי האָט אויפֿגעעפֿנט די טיר, האָט זי דערזען צוקאַנאָוון זיצן ביים טיש און שרייבן. זי

איז געבליבן שטיין ביי דער טיר מיט אַן עמער וואַסער אין איין האַנט און מיט דעם בעזים אין דער צווייטער און האָט געפרעגט:

— איך וועל אייך נישט שטערן, ווען איך וועל צוטרעטן מאַכן דאָ אָרדענונג?

— אָ, ניין, עס וועט מיר אפילו זיין זייער אָנגענעם מיט דיר אַביסל די צייט צו פאַרטרייבן.

מיט דעם ווייסן טיכל, אַביסל קאָקעטיש אונטערגעבונדן אויפן קאָפּ, אין דעם קורצן קליידל, וועלכעס זי האָט נאָך העכער אונטערגעצויגן, עס זאָל איר נישט שטערן אין דער אַרבעט און מיט די פאַרוויטלטע באַקן, האָט ליובא אויסגעזען זייער רייצנד. צוקאַנאָוו האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט זיין בליק, וועלכער האָט זיך נאָך אַביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף אירע שיינע, ווי געטאָקטע פיסלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען פון אונטער דעם קליידל ביז פאַר די קני, און ער האָט געזאָגט:

— פאַר די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב דיך נישט געזען, ביזטו פיל שענער געוואָרן.

— איך בין אַלע יאָרן געווען אַ שיינע — האָט ליובא געענטפערט — איך האָב נאָר נישט קיין מזל, האָט מיר מיין מאַמע שטענדיק געזאָגט.

— און דיינע „קאַוואַליערן" האָבן דיר אויך געזאָגט, אַז דו ביזט אַ שיינע?

— איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין קאַוואַליערן — האָט ליובא אָפּגעענטפערט און צוגעטראָטן צו איר אַרבעט... צוקאַנאָוו איז צו איר צוגעגאַנגען און זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, העכער פון דעם עלנבויגן.

— ריים איבער די אַרבעט — איך וויל דיר עפּעס זאָגן! — האָט ער אויסגערופן.

— וואָס ווילט איר מיר זאָגן? — האָט ליובא געפרעגט, אָפּווישנדיק די הענט אין איר קלייד.

— איך וויל דיר זאָגן, אַז דו געפעלסט מיר — ביי די ווערטער האָט צוקאַנאָוו איר אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן.

— אָ, הער נאַטשאַלניק, אַזוי טאָר מען נישט טאָן — האָט ליובא

געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן — איך בין נישט אַזעלכע, וואָס קושט זיך מיט פרעמדע מענער.

— דו האָסט אָבער אַזוינע געשמאַקע ליפּן, אַז עס איז אַ פאַר־ברעכן זיי נישט צו קושן.

ביי די ווערטער האָט ער איר פעסט ארומגענומען פאַר דער טאַ־ליע און איז מיט איר צוגעגאַנגען צו דעם פּאָטעל. זי האָט זיך לייכט געווערט, ווען ער האָט איר אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני און זי צוגעדריקט צו זיך.

— עס איז גאָרנישט שיין אַזוי — האָט זיך ליובאַ געבעטן — לאָזט מיך צו־רו, איך בין אַן אָרעם אָרנטלעך מיידל און דערצו נאָך אַ יתומה.

— ניין, טייערינקע, איך וועל דיך נישט לאָזן צו־רו, ביז איך וועל דיר נישט אויסקושן אַלע אברים.

מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג האָט ער אָפּגעקנעפּלט איר בלוזע און אָנגעהויבן קושן איר האַלדז, אירע אַנטבלויזטע אַקסל און ברוסט. ליובאַ האָט זיך בלומרשט נישט געלאָזט און מיט אַ וויינענדיקער שטימע זיך געבעטן:

— לאָזט מיך אָפּ, איך האָב זיך נאָך קיינמאָל נישט געקושט מיט קיין מאַנצביל, לאָזט מיך אָפּ!

— טאַקע דערפאַר, וועל איך דיך נישט אָפּלאָזן, ווייל איך וויל פאַרזוכן דעם טעם פון אַ מיידל, וואָס האָט נאָך קיינמאָל קיין מאַנצ־ביל נישט געקושט. גיב מיר אַ קוש... בלויז איין קוש... דיין לייב שמעקט מיט דעם ריח פון זאַפּטיקע פעלדער, מיט די בריאַנסקער וועלדער און פאַרשיכורט מיך.

ווען צוקאַנאָוו האָט איר אַזוי ליידנשאַפטלעך געקושט, איז ליר־באַס בליק געפאַלן אויף דעם שווערן פּרעס פון מירמל־שטיין, וואָס איז געלעגן אויף דעם שרייב־טיש און זי האָט געהאַט גרויס חשק אים צו געבן אַ כאַפּ און אַ קלאַפּ טון מיט אים איבער צוקאַנאָווס קאָפּ.

— טאָמער וועל איך אים אָבער מיט איין מאָל נישט טויטן? — איז איר דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק — נאָר בלויז פאַרווונדן, דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן... ניין... איך וועל וואַרטן אויף אַ צווייטער געלעגנ־

הייט... ער איז שוין אין מיין נעץ און וועט קיין לעבעדיקער פון איר נישט אַרויס...

צוקאַנאָוו האָט דערווייל צוגעדריקט צו זיין ברוסט ליובאַן און מיט אַ זיך איבערייסנדיקער שטים געבעטן:

— ליובענקאַ... קוש מיך... ליובענקאַ, זיי מיינע... פאַרוואָס קושטו מיך נישט? איך געפעל דיר נישט?

— איר געפעלט מיר. איר זענט זייער אַ שיינער, אָבער די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז אַלע מענער זענען „פּאָדליעצן", זיי נוצן נאָר אויס די אָרעמע מיידלעך, דערנאָך וואַרפן זיי זי אַוועק.

— איך בין נישט אַזעלכער, איך וועל דיך נישט אַוועקוואַרפן... איך בעט דיך... איין קוש גיב מיר און דאַן וועל איך דיך לאָזן צורו.

ער האָט צוגעצויגן איר פּנים צו זיינעם און געזוכט אירע ליפּן. ליובאַ האָט געפילט זיין שווערן אָטעם. זיינע הענט האָבן נערוועז געפירט איבער איר גאַנצן קערפּער.

„פון מיין איצטיקן אויפפירן זיך איז אָפּהענגיק דער גאַנצער דערפאָלג פון מיין אויפגאַבע — האָט זי אַ טראַכט געטון, קוקנדיק מיט עקל אויף דער דאָזיקער חיה, אין וועלכער זי האָט מיט איר רייצנדיקן קערפּער דערוועקט די נידעריקסטע אינסטינקטן — אָט דעם מאָמענט מוז איך אויסנוצן פאַר מיין ציל".

ליובאַ האָט זיך איינגעזאַפּט אין זיינע ליפּן און אַ שטאַרקן קוש געטון. אין דעם קוש האָט זי אַריינגעלייגט איר גאַנצע שנאה צו דעם מערדער פון איר יאַסלען. זי האָט געוואָלט מיט דעם קוש אים פאַר־סמען, זי האָט געוואָלט, אַז דער קוש זאָל זיין דער אָנהויב פון צוקאַ־נאָווס סוף. זי האָט זיך איינגעביסן אין זיינע ליפּן און זיי געצויגן אַזוי לאַנג, ביז זי האָט אויף איר צונג דערפילט דעם זיסלעכן גע־שמאַק פון בלוט. דאַן האָט זי זיך מיט עקל אָפּגעריסן פון אים, זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיינע קני און אַריבערגעלאָפן אויף דער צווייטער זייט טיש.

צוקאַנאָוו איז געבליבן זיצן מיט אַ האַלב־אָפן מויל, מיט אויס־געשטרעקטע הענט און מיט אַ ווילדן, פאַרשיכורטן בליק.

— קום צו מיר, דו כישופמאַכערין, קום! לעש אָפּ דאָס פייער, וואָס האָסט אין מיינע אָדערן אָנגעצונדן — האָט אויסגעשריגן

צוקאַנאָוו און זיך געוואָרפן צו ליובען, וועלכע איז פֿלינק אריבער־געלאָפן אויף אַ צווייט אָרט.

— בלייב שטיין, דו שיינע בעסטיע! — האָט ער אויסגעשריען צווישן די ציין — בלייב שטיין! ווייל איך שפּאַלט דיר דעם קאָפּ מיט אָט דעם שטיין — האָט ער אַ כאַפּ געטון דעם פּרעס און מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט געבליבן שטיין אַנטקעגן ליובאַ, פון וועלכער עס האָט אים אָפּגעטיילט דער גרויסער שרייבטיש. זיינע גרויע אויגן זענען געווען פאַרגאָסן מיט בלוט און האָבן געקוקט מיט שנאה און מיט באַגער אויף ליובאַ. ער האָט אין אירע אויגן אויסגעזען ווי אַ גיפטיקע שלאַנג, וואָס קלייבט זיך צו וואַרפן אויף איר קרבן.

אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף ליובאַ, ווען זי האָט געקוקט אויף זיין מערדעריש געזיכט.

— איך האָב פאַר דיר מורא — האָט זי מיט אַ ציטערדיקער שטימע געזאָגט — לייג אַוועק דעם שטיין און באַרואיק זיך, וועל איך דאַן צו דיר צוגיין.

צוקאַנאָוו האָט אַוועקגעלייגט דעם פּרעס און אָטעמענדיק שווער זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול. אין דעם מאָמענט איז אין צימער אריינגעקומען אַ יונגע, עלעגאַנט־געקליידעטע פרוי, זיך ארויפגעוואָרפן צוקאַנאָוון אויפן האַלדז און אים גענומען קושן.

— איך האָב אויף דיר געוואַרט און געוואַרט און זיך נישט געקענט דערוואַרטן — האָט זי אויסגעשריגן מיט אַ שטים פון אַ צעפּיעשטשעטע קינד. — צוליב וואָס דאַרפסטו אַזוי פיל אַרבעטן... איינגאַנצן אָוונט איז דיין קליינע בעלאַ געזעסן אַליין און האָט זיך געלאַנגווייליקט... ביסט אַ שלעכטער. — און מאַכנדיק אַן ערנסטע מינע האָט זי אים מיט מיטגעפיל געפרעגט — ביזט, מיין טייערער, מיד פון דער אַרבעט? דו זעסט אויס אַזוי פאַרמאַטערט. — ביי די ווערטער האָט זי ארויסגענומען אַ ווייס, זיידן טיכעלע און אים אָנגעהויבן אָפּווישן די גרויסע טראָפּנס שווייס, מיט וועלכע זיין געזיכט איז געווען באַדעקט.

צוקאַנאָוו האָט אויטאָמאַטיש געבלעטערט די פּאַפּירן אויפן טיש און שווער געאָטעמט, וואַרפנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק אויף ליובען, וועלכע האָט שוין באַוויזן צו ברענגען אין אָרדענונג אירע

האָר און צוצוטרעטן וואשן דעם דיל. צוקאַנאָוו האָט אָנגעהויבן אריינלייגן די אַקטן און פּאַפּירן אין שראַנק. די פרוי האָט אים גע־האָלפן. ווען זיי האָבן זיך שוין געקליבן צו פאַרלאָזן דאָס צימער, האָט די לעצטע ערשט באַמערקט ליובען און מיט אַן אָפּשפּאָטערישן טאָן געפרעגט:

— ווער איז די דאָזיקע ליאַלקע? איך זע זי דאָ צום ערשטן מאָל.

— דאָס איז אַ קאָלכאָזנע מיידל, וועלכע האָט זיך דאָ פאַר־האַלטן אויף איר צוריקוועגס פון דייטשלאַנד, ווו זי איז געווען אויף אַרבעט — האָט צוקאַנאָוו געענטפערט מיט אַ גלייכגילטיקן טאָן און ווי דורך־אַגב צוגעגעבן — זי איז זייער אַן אַרבעטסזאַמע און אַן אָנשטענדיקע.

— פאַרוואָס האָסטו זי בעסער נישט גענומען צו אונדז אַהיים? די אַרבעט וואָס זי טוט דאָ, וואָלטן געקענט די אַרעסטירטע אויך טון, און איך קען שוין נישט אויסהאַלטן פון דער שטוב־אַרבעט. זע וואָס פאַר אַ הענט איך האָב שוין פון וואַשן די טעפּ און שיילן די קאַרטאָפל. — ביי די ווערטער האָט זי אַראָפּגעצויגן אַ הענטשקע און צוגעלייגט איר האַנט צו צוקאַנאָווס ליפּן.

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז אַזאַ קאָלכאָזניצע קען דיך צו־פרידנשטעלן, איך וואָלט זי געוויס געבראַכט צו אונדז.

די פרוי האָט ליובען אַ לענגערע ווײַלע באַטראַכט און מיט אַן איראָנישן שמייכל געפרעגט:

— צי האָט מען דיך אין קאָלכאָז געלערנט בלויז מעלקן קי און פּאַשען חזירים, צי אַנדערע אַרבעטן אויך?

— איך האָב אָנגעפירט מיט אונדזער שטוב־ווירטשאַפט, ווייל איך בין זייער יונג געבליבן אַ יתומה. — האָט ליובאַ געענטפערט מיט אַ באַשיידענער שטימע.

— האָסטו אַליין אויך געבאַקן און געקאָכט? — האָט געפרעגט די פרוי. — אינטערעסאַנט צו וויסן וועלכע מאכלים דו קענסט מאַכן.

— איך קען מאַכן „דיאַרונעס" פון געריבענע קאַרטאָפל, איך קען קאָכן אַ „זאַטירקע", באַקן „פּאַלאַניצעס" און „פּאַמפּושקעס" מיט קנאָבל, און ברויט באַק איך אויך אַליין — האָט ליובאַ מיט אַ ביסל גדלות געענטפערט.

— ביסט דאָך גאָר אַ גרויסע קענערין... נאָר אַט די אַלע פּראָס־טע מאכלים, וואָס דו האָסט אויסגערעכנט, וועסטו מאכן אין דיין קאָלכאָז. ביי אונדז קאָכט מען גאָר אַנדערע געקעכצן און אויב דו וועסט וועלן, וועסטו זיך ביי מיר אויסלערנען אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכן דו האָסט נאָך אפילו קיינמאָל נישט געהערט. אַלזאָ, פּעטיענ־קאַ, שיק זי מאָרגן צו אונדז.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך דערהאַלטן פון ליובען אַ צעטעלע מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„דיאַדיאַ מישאַ, קענסט מיר גראַטולירן — פון אַ געוויינלעכער, שוואַרצער שטוב־אַרבעטערין האָב איך אַוואַנסירט אויף אַ געהילפס־קעכין פון דער הויכגעשטעלטער מאַדאַם צוקאַנאָוו. איך האָף, אַז אויף דעם פּאָסטן וועל איך האָבן מער גליק...“

ווי נאָר ליובאַ איז געקומען אין צוקאַנאָווס וווינונג האָט זיין פרוי, צום ערשטן געגעבן ליובען אַ ריין קליידל, שיך מיט זאָקן, אַ שערצל און האָט איר געצוואונגען זיך גוט אָפּצוואַשן מיט זייף. ווען ליובאַ איז אַן איבערגעטוענע און אָפּגעוואַשענע אַריינגעקומען אין עס־צימער מיט דער קאַפע פאַר די בעלי־בתים, האָט צוקאַנאָוו אויף איר אַ קוק געטון און פאַרביסן די ליפּן.

— דו זעסט, וואָס דיין ווייבעלע קען באַווייזן — האָט געזאָגט צוקאַנאָווס פרוי, וויזנדיק אויף ליובען — אין איין שעה האָב איך פון אַ פאַרשמאָלצענער קאָלכאָזניצע, געמאַכט אַ זויבער דייטש דינסט־מיידל. אַזעלכע זענען מיר דייטשן — מיר האָבן ליב אָרדע־נונג.

ליובאַ האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צופרידנצושטעלן איר באַלעבאָסטע, וועלכע איז געווען זייער אַ בייזע, אַ קאַפּריזנע און ביי יעדער געלעגנהייט געגעבן ליובען אָנצוהערן, אַז זי איז אַ פאָלקס־דייטשקע, און דערפאַר איז זי פון אַ העכערער ראַסע. ליובאַ האָט מיט גרוים געדולד אויסגעהאַלטן די אַלע דערנידעריקונגען און געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זי וועט איר קענען פאַר דעם אַלעם ווי געהעריק אָפּצאָלן.

אויף דעם דריטן טאָג, זינט ליובאַ איז אָנגעקומען אין צוקאַנאָווס

פּריוואַטער וווינונג, האָב איך פון איר דערהאַלטן אַ צעטעלע מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „מיין באַלעבאָס פאָרט אַרויס מאָרגן 10 אינדערפרי פון קאָראָסטען קיין עמילטשין אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט אַן אָנפירער פון אַ נייער באַנדע אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, מיט דעם נאָמען „בולבאָוועצעס". ער וועט פאָרן אין אַ קליינעם אויטאָ אויף פיר פּערזאָן. דער אויטאָ איז אַ העל־בלויער און טראָגט דעם נומער 2177. איך האָף, „דיאַדיאַ מישאַ", אַז דו וועסט אים שוין מקבל־פּנים זיין".

באַלד ווי איך האָב דערהאַלטן די דאָזיקע מיטיילונג, בין איך מיט אַ גרופּע פון פערציק, גוט באַוואָפנטע, פּאַרטיזאַנער אויף פערד, אַוועקגעפאָרן אין דער ריכטונג צו דעם וועג, וואָס פירט פון קאָראָסטען קיין עמילטשין און פאַר האַלבער נאַכט זענען מיר שוין געווען אויפן אָרט. די פערד האָבן מיר איבערגעלאָזט אין אַ וועלדל, נישט ווייט פון וועג, און מיר זענען צוגעטרעטן צו זוכן אַ פּאַסיק אָרט כדי צו מאַכן די „זאַסאַדע" (לויערונג).

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, זענען מיר שוין געלעגן גוט פאַרמאַסקירט, אַ פּאָר צענדליק מעטער פונעם וועג און געוואַרט אויף צוקאַנאָוון. פון דעם אָרט, וווּ מיר זענען געלעגן, האָבן מיר געזען דעם וועג פון ביידע זייטן אויף אַ פּאָר קילאָמעטער. די באַוועגונג איז דאָ געווען אַ קליינע, בלויז פון צייט צו צייט איז דורכגעפאָרן אַ פויער אויף אַ סקריפּענדיקן וואָגן אין וועלכן עס זענען געווען איינגעשפּאַנט אַ פּאָר אויסגעמאָגערטע אָקסן, אָדער עס איז דורכגעגאַנגען אַ פוסגייער מיט אַ לייוונטענער טאָרבע אויף די אַקסלען.

די צייט האָט זיך זייער לאַנגזאַם געצויגן און ענדלעך אַרום 12 אַזייגער האָבן מיר דערהערט דעם גערויש פון אַ מאָטאָר און רעכטס פון אונדז האָט זיך אויפן האָריזאָנט באַוויזן אַ וואָלקן מיט שטויב. נאָך אין אַ פּאָר מינוט האָבן מיר שוין דייטלעך דערזען אַ קליינעם העל־בלויען אויטאָ, וועלכער איז געפאָרן אין אונדזער ריכטונג מיט אַ גרויסער שנעלקייט. ווען דער אויטאָ האָט זיך אויסגעגלייכט מיט דעם אָרט, וווּ מיר זענען געלעגן, האָב איך געגעבן אַ באַפעל צו שיסן, נאָר בלויז אין די רעדער און אין מאָטאָר.

דער אויטאָ איז מאָמענטאַל שטיין געבליבן. אין דעם זעלבן מאָ־מענט זענען פון אינעווייניק ארויסגעשפרונגען צוקאַנאָוו מיט ליובען, און האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג צום וועלדל, וואָס האָט זיך געפונען אַ 200 מעטער פון יענער זייט וועג. מיר זענען דערשטוינט געוואָרן דערזעענדיק ליובען און צוליב איר האָבן מיר נישט געקענט שיסן אין צוקאַנאָוון. זיי זענען אַפּגעלאָפן אַ 20 מעטער און פּלוצלינג האָבן מיר דערזען, ווי ליובא האָט ארויסגעכאַפּט אַ פּיסטאָלעט און אים אָנגעשטעלט אויף צוקאַנאָוון. מיר האָבן דערהערט איר פאַרצווייפלטן געשריי: „שטיי! אַנטלויף נישט!" צוקאַנאָוו האָט זיך אין דעם מאָמענט בליץ שנעל געוואָרפן אויף ליובען, אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן איר אָנצוכאַפּן האָט זי אויסגעשאָסן אין אים און ער איז אַני־דערגעפאַלן אויף דער ערד.

דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען אין איין אויגנבליק. דאָך איז מיר בליץ־שנעל דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז ליובא איז אריינגעפאַלן אין צוקאַנאָווס הענט און ער האָט איר געצוווּנגען מיר אָנצושרייבן דאָס לעצטע צעטעלע, בכדי אונדז ארויסצובאַקומען אויף דעם וועג, ווו עס איז געווען צוגעגרייט אויף אונדז אַ לויערונג. מיינע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן דורך די שאָסן פון ליובעס פּיסטאָלעט און איך געשריי: „דיאַדיאַ מישאַ! שנעלער צו מיר! ראַטעוועט אים! איך וויל נישט ער זאָל איצט שטאַרבן. איך דאַרף אים נאָך עפּעס זאָגן פאַרן טויט".

ווען איך בין צוגעלאָפן צו צוקאַנאָוון איז ער געלעגן אויף דער ערד, אָן סימנים פון לעבן. זיין פּנים איז געווען קאַלך־ווייס און פון זיין מויל איז גערונען אַ רויט שנירל בלוט. ליובא איז געשטאַנען איבער אים מיט דעם פּיסטאָלעט אין דער האַנט. דעם שאָפער און דעם צווייטן פּאַסאַזשיר, וועלכער האָט זיך ארויסגעוויזן אַלס סעק־רעטאַר פון קרייז־לאַנדווירט, האָבן די פּאַרטיזאַנער געבונדן, כדי מיטצונעמען זיי מיט זיך. דעם אויטאָ האָט מען באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן. צוקאַנאָוון האָבן מיר אַוועקגעלייגט אויף אַ צעשפּרייטער „פּאַלאַטקע" און אַוועקגעטראָגן צום וועלדל, ווו אונ־דזערע פערד האָבן אויף אונדז געוואַרט. דאָרט האָט מען צוקאַנאָוון

איבערגעבונדן די ווונד, זי זאָל אזוי נישט בלוטיקן, צוגעבונדן די „פּאַלאַטקע" צו צוויי פערד, ליובא האָט זיך ארויפגעכאַפּט צו מיר, אין מיין זאָטל, און מיר זענען אוועקגעפאָרן אין אונדזער לאַגער.

## קאַפּיטל 20

### צוקאַנאָוום טויט

— ווען איך האָב זיך דערוווסט, אז צוקאַנאָוו פאָרט קיין עמיל־טשין, האָב איך באַשלאָסן, אז דאָס איז דער געלונגענער מאָמענט, כדי אים בייצוקומען — האָט מיר ליובא דערציילט פאַרנדיק — צום אָנהויב האָב איך געטראַכט צו בלייבן אין קאַראַסטען, בכדי, אין פאַל אויב עס וועט דיר נישט געלינגען אים צו הרגענען, זאָל איך זוכן אַן אַנדער וועג דאָס דורכצופירן. איך האָב אָבער געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז די זאַך וועט זיך יאָ איינגעבן און אין לעצטן מאָ־מענט האָב איך געענדערט מיין באַשלוס. ווען צוקאַנאָוו האָט אָפּ־געגעסן פרישטיק און זיך אָנגעהויבן געזעגענען, בין איך צו אים צו־געגאַנגען און באַטראַכטנדיק דעם אויטאָ, געזאָגט:

— איך בין נאָך קיינמאָל נישט געפאָרן מיט אַזאַ קליינעם אויטאָ, ס'מוז זיין זייער אָנגענעם אַזאַ רייזע, נישט אמת?

צוקאַנאָוו האָט אַ צוויי־דייטיקן שמייכל געטון און זיך געווענ־דעט צו זיין פרוי:

— אפשר וואָלט ליובא מיט מיר מיטגעפאָרן קיין עמילטשין. דאָרט קען מען פאַר שפּאָט־ביליקע פרייזן באַקומען פוטער און גענדז?

— דאָס וואָלט זייער גוט געווען — האָט צוקאַנאָווס פרוי געזאָגט
— אָבער אויף דער קאָלכאָזנע אידיאָטקע קען מען זיך דען פאַרלאָזן? זי וועט דען וויסן וואָס און ווי אַזוי צו קויפן?

— בין איך דאָך אויך דאָ דערביי — האָט צוקאַנאָוו געענט־פערט.

— נעם זי מיט, נאָר זאָלסט זי נישט פאַרלירן אויפן וועג — האָט די פאָלקס־דייטשקע געזאָגט און האָט מיט מיר נאָך אפשר אַ

שעה צייט איינגעקנעלט, ווי אַזוי מען דערקענט וועלכע פוטער איז פרישע און וועלכע גאַנדז איז אַ פעטע.

ענדלעך האָט זי מיך באַפרייט און מיר זענען אַוועקגעפאָרן. איך מיט צוקאַנאָוון זענען געזעסן פון הינטן און דער סעקרעטאַר פון קרייז־לאַנדווירט לעבן דעם שאָפער.

ווי נאָר מיר האָבן איבערגעלאָזט קאַראַסטען הינטער אונדז, האָט צוקאַנאָוו מיך באַלד אַרומגענומען און אַ קוש געטון. פון דער שנעל־קייט, מיט וועלכער דער אויטאָ איז געפאָרן, האָט דער ווינט גע־פייפט אין די אויערן און עס איז מיר אַביסל קאַלט געווען אין מיין דינעם קליידל. צוקאַנאָוו האָט אויסגעטון זיין שינעל און מיר האָבן זיך מיט אים צוגעדעקט. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי איך וואָלט געווען גליקלעך, וואָס איך האָב דערלעבט אַזאַ אויסגעטרוימטן מאָמענט צו בלייבן מיט אים און האָב זיך צו אים געטוליעט. ווען ער האָט מיך אַרומגענומען און שטאַרק צוגעדריקט צו זיך, האָט זיך זיין פיסטאָלעט, וועלכן ער האָט געטראָגן אויפן פאַסיק, ווייטיקלעך איינגעגעסן אין מיין זייט.

„עס וואָלט געווען גוט, ווען זיין פיסטאָלעט זאָל זיין ביי מיר — איז מיר דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק — „אויב ער וועט דאָס אפילו באַמערקן, נאָך איידער איך וועל אים אויסנוצן, וועל איך דערפון מאַכן אַ שפּאַס און ער וועט דאָס מיר לייכט מוחל זיין“.

איך האָב זיך צו אים נאָך שטאַרקער צוגעדריקט, לייכט אַרויס־געצויגן דעם פיסטאָלעט פון זיין לעדערנעם „קאַבור“ און אים אַריינ־געדוקט פון אונטן אין דעם פאַסיק פון מיין קלייד, ווען מיר זענען אַרויף אויף אייער „זאַסאַדע“ און איר האָט געגעבן די ערשטע סאַלווע אין די רעדער, האָב איך מורא געהאַט, אַז די צווייטע וועט איר געבן אין אונדז. אויסער דעם, האָב איך שטאַרק געוואָלט, אַז מען זאָל צוקאַנאָוון פאַרכאַפּן אַ לעבעדיקן און דערפאַר האָב איך אים די ערשטע אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אויסשרייענדיק: „לאָמיר זיך ראַטעווען“, אַרויסגעלאָפן מיט אים פון אויטאָ. ווען צוקאַנאָוו האָט מיך אָנגעהויבן שלעפּן צום וואַלד, וווּ ער וואָלט גע־קענט פאַרשווונדן, האָב איך אַרויסגעכאַפּט דעם פיסטאָלעט און וואָס עס איז געווען ווייטער, האָט איר שוין אַליין געזען“.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער, איז אונדזער דאָקטער מיטן גאַנצן מעדיצינישן פּערסאָנאַל צוגעטרעטן ראַטעווען צוקאַנאָוון. ליובאַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבן צוקאַנאָוון און האָט אַלעמאָל געפרעגט דעם דאָקטער, צי דער באַנדיט וועט לעבן. „איך דאַרף אים פאַרן טויט זאָגן אַ פּאָר ווערטער. מאַכט, דאָקטער, ער זאָל כאָטש לעבן פינף מינוט — האָט ליובאַ געבעטן". דער דאָקטער האָט איר דערויף געענטפערט: „דו האָסט אַזוי טרעפלעך געשאָסן, אַז שטאַרבן מוז ער, עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז פאַרן טויט וועט אים ווערן לייכטער און ער וועט אויפעפענען די אויגן אויף אַ פּאָר מינוט, דאַן וועסטו זיך קענען אים דערקלערן אין ליבע"...

נישט געקוקט אויף די איינשפּריצונגען און פאַרשידענע מיטלען, וואָס מען האָט אָנגעווענדעט, זענען שוין פאָריבער צוויי שעה זינט מען האָט צוקאַנאָוון געבראַכט אין לאַגער און ער האָט נישט אויפגעעפנט די אויגן, און נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון לעבן. איך בין אַוועקגעגאַנגען אין שטאַב און ליובאַ איז געדולדיק געזעסן אויף דער ערד לעבן צוקאַנאָוון און געוואַרט. פּלוצלונג האָב איך דערהערט ליובאַס פריילעכע שטימע: „דיאַדיאַ מישאַ! שנעלער, קום, ער לעבט!" ווען איך בין צוגעגאַנגען צו צוקאַנאָוון, האָב איך געטראָפן ליובען שטיין אַן אויסגעגלייכטע, אַ שטאָלצע און מיט אַ בליק, פול מיט פאַראַכטונג, האָט זי געקוקט אויף דעם פאַרוווּנדעטן, וועלכער האָט שטיל געקרעכצט. צוקאַנאָוו האָט אויפגעעפנט די אויגן און דערזעענדיק ליובען, האָט ער מיט אַ שוואַך קול געזאָגט:

— ליובאַ, ליובענקאַ, עס איז מיר אַזוי שלעכט...

ליובאַ האָט זיך צו אים אָנגעבויגן און מיט סאַרקאַזם געזאָגט:

— איך בין שוין נישט ליובענקאַ, איך בין שרה־ליבע זינגמאַן, די פּאַרטיזאַנערין פון דיאַדיאַ מישאַס אָטריאַד. דו האָסט זיך נישט געריכט צו שטאַרבן פון די הענט פון אַ פּאַרטיזאַנערין און נאָך דערצו אַ „זשידאָווקע"? און אָט איז דיין געוועזענער קאָמאַנדיר, דער „דיאַדיאַ מישאַ".

— דו דערקענסט מיך? — האָב איך אים געפרעגט, און לויט

זיינע דערשראָקענע אויגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיך דערקענט.

— זאָג אים שנעלער, וואָס דו ווילסט אים זאָגן, ווייל זיינע מינוטן זענען געציילט — האָט מיך געאײַלט דער דאָקטער.

איך האָב זיך צו אים אָנגעבויגן און אַרײַנקוקנדיק אין זיינע אויגן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אומבאַגרענעצטע שרעק, געזאָגט:

— פּאַרעטער צוקאַנאָוו, דו האָסט דיין פאַרדינטע שטראָף באַקומען, ווייל די שווערע לעבנס־שולע פון די יידישע פאַרטיזאַנער האָט אַרויסגעגעבן פיל פעאיקערע תלמידים, ווי דיין דייטשע געשטאַפּאָ־שולע. קענסט דיך בלויז טרייסטן, וואָס פונקט ווי דו, וועלן אַלע איבעריקע, ענלעכע פּאַרעטער, באַקומען זייער געהעריקע שטראָף.

ביי די ווערטער, האָט ער אַ ציטער געטון און אויסגעהויכט זיין שמוציקע נשמה.

# עווא

## קאַפּיטל 1

ביים אויסשטעלן די מאַרשרוטן, פאַר דער אָפּענסיווע, בין איך שטענדיק אַליין בייגעווען. ערשטנס, צוליב דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער דאָזיקער אַרבעט, וועלכע האָט געקענט ווירקן אויף דעם דערפאָלג פון דער אָפּענסיווע, און צווייטנס, איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט שטאַרקע עמאָציעס, צו וועלכע איך האָב געהאַט אַ געוויסע נייגונג. „אויסשטעלן די מאַרשרוטן", האָט געהייסן: אויף אַלע וועגן, און אויב דאָס איז געווען אַ שטאָט, אָדער אַ דאָרף, איז אויך אויף אַלע גאַסן, וועלכע האָבן געפירט „פון דעם אויסגאַנג־פונקט" אין דער ריכטונג צו דער טעריטאָריע, וועלכע איז נאָך פאַרנומען געווען דורך דעם דייטש, האָט מען אויף אָנגעזעענע ערטער באַדאַרפט צוקלאַפּן שילדלעך, אויף וועלכע עס זענען געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון נאָענטסטן דאָרף, די צאָל קילאָמעטער צו אים און דער נומער פון מאַרשרוט.

יעדע איינהייט האָט פאַר דער אָפּענסיווע באַקומען דעם נומער פון איר מאַרשרוט, לויט וועלכן זי האָט זיך באַדאַרפט שטרענג ריכטן, ווייל אין קעגנפאַל, וואָלטן עטלעכע איינהייטן געקענט איינציטיק זיך לאָזן דורך דער זעלבער שמאָלער דאָרפס־גאַס און שאַפן אַ פאַרשטאָפּונג, וואָס דעם שונא'ס אַוויאַציע וואָלט גלייך אויסגענוצט. אָדער טיילן פון איין איינהייט, וואָלטן זיך צעפאָרן אויף פאַרשידענע וועגן און דערנאָך זיך געזוכט. דאָס וואָלט אַריינגעבראַכט אַ דעזאָריענטאַציע און אפילו אַ גרויסע געפאַר. די אַרטילעריע למשל, וואָלט אַוועקגעפאָרן אויף איין וועג און די סנאַראַדן און מינעס צו איר — אויף אַ צווייטן וועג. די דאָזיקע מאַרשרוטן פלעגן דעריבער ווערן

זאָרגפעליק צוזאַמענגעשטעלט דורך דעם שטאַב פון דער אַרמיי, אָדער אַפילו פון פראָנט. בכדי איך זאָל זיין רואיק, אַז ביים צוקלאַפּן די שילדלעך, וועלן נישט איבערגעטוישט ווערן די נומערן, פלעג איך דאָס טאַקע אַליין טאָן.

דעם 12־טן יאַנואַר 1945 האָב איך באַקומען פון שטאַב דעם פּלאַן פון די מאַרשרוטן און אויך אַ באַפעל די זעלבע נאַכט אויסצושטעלן די מאַרשרוטן פון שטעטל איוואַניסקאָ. מיין באַטאַליאָן האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ וועלדל, 4 קילאָמעטער פון איוואַניסקאָ, וואָס ליגט אויף דעם ברייטן שליאַך סאַנדאָמיר־אָפּאַטאָוו. מיטנעמענדיק מיט זיך די נויטיקע צאָל אויסגעפּאַרטיקטע שילדעלעך, בין איך מיט דעם אינזשיניער איטשענקאָ און נאָך 3 סאַפּיאָרן אַוועקגעפאָרן רייטנדיק 10 אין אָוונט קיין איוואַניסקאָ אויסצופירן די אויפגאַבע.

איך וועל זיך אויף אַ וויילע אָפּשטעלן אויף דער פּערזאָן פון אינזש. איטשענקאָ, וועמען איך וועל נאָך אָפט דערמאָנען אין מיינע וויי־טערדיקע פראָנט־זכרונות. נישט קוקנדיק אויף זיין נאָמען, איז איטשענקאָ געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער רוס פון אַ שטעטל אויפן אוראַל. אַלס נישט געזעצלעך קינד פון אַן אָרעמע וועשערין, איז ער געוואַקסן אין נויט און ביי 10 יאָר איז ער שוין געגאַנגען אויף אַר־בעט, בכדי צו פאַרדינען אויף ברויט. שפּעטער האָט ער זיך אויס־געלערנט פאַר אַ מויערער און געאַרבעט אין אַ בוי־אונטערנעמונג. דער דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג האָט אַנטדעקט ביי איטשענ־קאָן גרויסע פעאיקייטן און אים פאַרגעלייגט זיך נעמען צו בילדונג, פאָראויסזאָגנדיק אים אַ גרויסע קאַריערע אַלס אינזשיניער. זייענדיק אַלט 22 יאָר הויבט איטשענקאָ אָן שטודירן און צו 30 יאָר ענדיקט ער דעם פּאָליטעכניקום אַלס אינזשיניער פון בויען וועגן און בריקן. נאָך אויף דעם האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט. זייענדיק אַפילו אויף דעם פראָנט, האָט ער זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן זיינע קענטענישן און יעדער פרייע צייט פאַרבראַכט מיט אַ בוך אין דער האַנט. יעדער נייע דערפינדונג האָט אים אינטערעסירט. ער האָט ווי געוואָלט אָניאָגן די פאַרלוירענע צייט און ווי אַן הונגעריקער געשלונגען און איינגע־זאַפּט אין זיך אַלץ מערער און מערער בילדונג.

לעצטנס האָט איטשענקאָ זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט ראַדיאָ־

טעכניק. ער האט פולקאם באהערשט די פאטאגראפישע קונסט און ממש ארויסגעוויזן וואונדער אויף דעם געביט. דערצו איז ער געווען זייער באשיידן, אפילו אביסל שעמעוודיק און האט שטארק ליב געהאט מוזיק. מיר פלעגן אפט איינארדנען „היימישע קאנצערטן", ווו ער האט מיט זיין ריינעם, לירישן טענאר געזונגען רוסישע פאלקס־לידער און איך פלעג אים באגלייטן אויף דער גיטארע, אדער פידל. אט די „היימישע קאנצערטן" האבן אונדז באזונדער באפריינדעט. צוליב זיין הרייסטקייט און שנעלער אריענטאציע, איז ער שטענדיק געווען מיין באגלייטער בעתן דורכפירן באזונדער קאמפליצירטע און בישט־זיכערע אפעראציעס.

## קאפיטל 2

די גרויסע פלאכטעס שניי, וועלכע זענען געפאלן פון דעם שווארצן, ווי אן אפגרונט, הימל, זענען אינגיכן פארוואנדלט געווארן אין א זאווירוכע. א שארפער מזרח־ווינט האט מיט א ווילדן וואיען, געדרייט מיט די שנייעלעך, אויפגעהויבן גאנצע הויפנס פראסטיקן שטויב און געשליידערט עס אונדז אין פנים, פארקלעפנדיק די אויגן און די אויערן. איינגעבויגן צו די העלדזער פון די זאטע פערד, וועלכע האבן ארויסגעלאזט קנוילן פארע פון די נאז־לעכער, האבן מיר ווי די טייוולאנים, מיט צעלאזטע פון ווינט שינעלן, זיך געטראגן פארויס. ווי פון דער ערד, זענען פאר אונדז פלוצלונג ארויסגעוואקסן די קאנטורן פון די פויערישע הייזלעך אויף דעם ראנד שטעטל. מיר זענען אראפגעשפרונגען פון די פערד, וועלכע האבן שווער געאטעמט, און איבערלאזנדיק זיי אונטער דער אויפזיכט פון איין סאפיאר, האבן מיר, אין ווייסע מאסקיר־כאלאטן, ווי די שאטנס, זיך געלאזט גיין מיט דער הויפט־גאס פון שטעטל.

איוואניסקא האט געהערט צו אונדז, אבער פאקטיש איז דאס געווען א מין „קיינעמס־לאנד", ווייל די דייטשע אקאפעס האבן זיך אנגעהויבן באלד ביי דעם ארויסגאנג פון שטעטל אויף מערב צו, און עס איז געווארן אן אויפהער באשאסן פון דער פיינטלעכער ארטילעריע. די גרעסטע טייל הייזער זענען געווען פארברענט. עס האבן בלויז

געסטאַרטשעט די ווייסע קוימענס און האַלב־צעוואָרפענע אויוונס. די איינוווינער האָבן אין פאַניק פאַרלאָזט דאָס שטעטל נאָך אין די ערשטע טעג, ווען די ליניע פון פראָנט האָט זיך דערנענטערט. אַרום האָט געהערשט אַ טויטערשטילקייט. ווען נישט די בלויע פייערלעך, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט אַרויסגעריסן פון די טליענדיקע חורבות און די פאַנטאַסטיש־גרויסע, געשוואָלענע קערפּערס פון די געהרגעטע פערד, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, וואָלט מען געקענט פאַרגעסן, אַז מען געפינט זיך אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע. שנעל אָן רעש זענען מיר איבערגעגאַנגען פון איין גאַס אויף דער צווייטער און מיט האָליע־שרייפלעך צוגעשרויפט די שילדלעך מיט די מאַרשרוטן. אין אַ 2 שעה אַרום האָבן מיר פאַרענדיקט אונדזער אַרבעט און מידע זיך געקליבן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אין צווישן־צייט האָט דער ווינט צעטריבן די וואָלקנס, דער שניי האָט אויפגעהערט צו פאַלן און עס האָט זיך באַוויזן די לבנה. ביי דעם זילבער־שיין, האָבן מיר געזען די חורבות אַרום אונדז און אויף אַ בערגל, רעכטס, דעם סילועט פון אַ קירכע. אינגאַנצן נישט באַשעדיקט, איז זי געשטאַנען אויסגעצויגן צום הימל מיט אירע באַגילדעטע צלמים אויף די שפּיציקע קופּאָלן.

— עס וואָלט שוין צייט געווען צו פאַרויכערן — האָט אַ זאָג געטון איינער פון די סאַפּיאָרן.

די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען געווען באַשעפטיקט מיטן אויסשטעלן די מאַרשרוטן, האָבן מיר צוליב זיכערקייט־טעמים, קיין איין מאָל נישט גערויכערט. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער קירכע און אוועקשטעלנדיק זיך הינטער איינער פון אירע געמויערטע ווענט, פאַרויכערט.

— זע נאָר ווי די קירכע שטייט אַ גאַנצע — האָט זיך געווענדעט צו מיר איטשענקאָ, — ווען איך בין אַ רעליגיעזער, וואָלט איך געגלויבט, אַז גאָט אַליין האָט באַשיצט זיין הויז. עס איז צום באַוווּנדערן, — ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז רואינירט פון סנאַריאַדן, איז דווקא אין דער קירכע, וואָס איז די העכסטע געביידע, האָט קיין איינער נישט געטראָפן.

איך האָב איטשענקאָן גאָרנישט געענטפערט. מיינע געדאַנקען

האָבן זיך געדרייט אַרום דער מאָרגנדיקער אָפּענסיווע. איך האָב גע־ווּוסט, אַז מיר זענען צו איר גוט צוגעגרייט, און דער קלאַפּ וועט זיין אַן אַנטשיידנדיקער. מעגלעך, אַז אין דער אָפּענסיווע וועלן מיר דורכ־ברעכן די גרענעצן פון דער דייטשער טעריטאָריע... מיר וועלן מאַר־שירן איבער ברענענדיקע דייטשע שטעט... וואָס מערער דייטשע הייזער וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין חורבות און באַקומען דעם זעלבן אויסזען, ווי מיין הויז האָט געהאַט אין געטאָ, נאָך דער ערשטער אַקציע... די דאָזיקע געדאַנקען האָבן מיך אָנגעפילט מיט פרייד. באַלד אָבער האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין איינציקן זון, מיט וועלכן איך האָב זיך צעשיידט נאָך דעם צוזאַמענטרעפן זיך פון די פּאַרטיזאַ־נער מיט דער רויטער אַרמיי. מיך האָט מען אַרויסגעפאָדערט קיין מאָסקווע, און ער איז געבליבן אין טשערניגאָוו אין דער לייטענאַנטן־שולע. פון דאַן האָב איך נישט פון אים קיין שום ידיעות... דאָס איינע, וואָס איך ווייס איז, אַז ער איז אויף דעם זעלבן אוקראַינישן פראָנט און איז אַן אָפיציר און איינער פון די פיל פּיעכאָטע־דיוויזיעס... מאָרגן וועט ער אויך געוויס פירן זיין אָפּטיילונג אין אָפּענ־סיווע... שוין 13 מאָנאַטן, אַז איך האָב אים נישט געזען... ווי גליק־לעך וואָלט איך געווען, ווען מיר טרעפן זיך ערגעץ מאָרגן אויף דער פראָנט־ליניע...

— ווי דענקסטו, חבר אינזשיניער, דער אָרגל אין קירכע איז גאַנץ? — האָט איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען אישטשענקאָ.

— אויב די קירכע איז גאַנץ, איז אויף זיכער דער אָרגל אויך נישט צעשעדיקט — האָב איך געענטפערט.

— איך האָב זייער ליב די קלאַנגען פון אַן אָרגל — האָט פאַר־געזעצט אישטשענקאָ — עפּעס איז אין זיי פאַראַן אַזויפיל ברייט־קייט און מאַיעסטעטישקייט. איך האָב בלויז געהערט אַן אָרגל אין דער אָפּערע, נאָר איך שטעל זיך פאָר, אַז אין דער הויכער, ליידיקער געביידע פון דער קירכע, ווו די אַקוסטיק איז אַ גוטע, דאַרפן די קלאַנ־גען אַפילו פרעכטיק. איך זע, אַז ביי דיר איז אַ שלעכטע שטי־מונג — אפשר וואָלטן מיר אַריינגעגאַנגען אין קירכע? איך וואָלט עפּעס אָפּגעזונגען „פּיאַניסימאָ“ און דו וואָלסט מיר אַקאָמפּאַנירט

אויף דעם אָרגל. עס וואָלט זיך ביי דיר באַלד פאַרבעסערט די שטי־מונג.

דורך דעם געשניצטן, האַלב־אָפענעם טויער זענען מיר אַריינגע־גאַנגען אין דער קירכע. הילכיק האָבן אָפּגעקלונגען אונדזערע טריט אין דעם גרויסן, פוסטן זאַל. די מילך־ווייסע שיין פון דער לבנה האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די לאַנגע און שמאָלע פענצטער און געוואָרפן העלע פלעקן אויף די באַהאַנגענע מיט הייליקע בילדער ווענט און אויף דער געגילדעטער פיגור פון געקרייציקטן, וואָס האָט אַראָפּגע־קוקט פון איינעם פון די גראָבע זיילן. דורך שמאָלע הילצערנע טרעפּ־לעך, וועלכע האָבן טרויעריק געסקריפּעט אונטער אונדזערע שווערע שטיוול, זענען מיר אַרויף צו דעם אָרגל. דער גראָבער שיכט שטויב, מיט וועלכן ער איז געווען באַדעקט, האָט עדות געזאָגט, אַז לאַנג שוין האָט זיך צו אים נישט צוגערירט קיין מענטשלעכע האַנט.

איך האָב ביים שיין פון דער לבנה באַטראַכט דעם אינסטרומענט. דאָס איז געווען אַ קליינער אָרגל, וועלכן מען טרעפט אין די קאַפּלי־צעס אויף קאַטוילישע בית עלמנס, אָדער אין די דאָרפס־קירכעס. עס איז פאַקטיש געווען אַ פיס־האַרמאָניע פון אַ גרעסערן פאָרמאַט.

איך האָב זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט און אַ קוועטש געטון מיט די פיס דעם פעדאַל און איינציייטיק גענומען מיט דער לינקער האַנט אַן אַקאָרד אויף דעם הינטערשטן, באַסאָוון רעגיסטער. זאַפטיקע, זיך ציענדיקע טענער האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון די מעשענע טריי־בעלעך און זיך צעטראָגן איבער דער קירכע. נישט אַראָפּנעמענדיק די לינקע האַנט פון דעם אַקאָרד, האָב איך אַ פיר געטאָן מיט דער רעכטער, פון די דינ׳קע, אויבערשטע טענער, ביז דעם מיט פון אָרגל. עס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן די ציטעריקע, צאַרטע טענער אַרויס־באַקומענע ווי פון זילבערנע פלייטן, מיט די נידעריקע, באַסאָווע אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט און פאַרפולט די פוסטקייט פון דער קירכע. אישטשענקאָ איז געזעסן ווי פאַרצויבערט און איינגעזאַפּט אין זיך די דאָזיקע אַקאָרדן. פּלוצלונג האָט ער מיט זיין לירישן טע־נאָר אָנגעהויבן שטיל און צאַרט זינגען אַן אַלט רוסיש פאָלקס־ליד.

מיר האָבן אין דעם מאָמענט פאַרגעסן, אַז עס איז שוין נאָך האַל־בער נאַכט און עס וואָלט גוט געווען זיך אָפּצורוען און זיך אָנעמען

מיט פרישע כוחות צום מאָרגנדיקן שווערן טאָג, און צוזאַמענהאַנג מיט דער צוגעגרייטער אָפּענסיווע. מיר האָבן אַפּילו פאַרגעסן, אַז נישט מערער ווי 200 מעטער פון דאַנען הויבן זיך אָן די דייטשע אָקאָפּעס און דער שונא קען דערהערן אונדזער מוזיק. אין אַלעם האָבן מיר פאַרגעסן. אישטשענקאָ האָט באַקומען שטימונג און געזונגען מיט גרויס געפיל. די טענער פון זיין סאַמעטענער שטים האָבן ווי געגלעט, געצערטלט און אויף פליגל זיך געטראָגן אין אַ וועלט פון זיסע חלומות.

פלוצלונג האָט אַ טרוקענער קנאַל באַגלייט מיט דעם פייף פון אַ פליענדיקער מינע, אויפגעטרייסלט די לופט און באַלד דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס. די ווענט פון דער קירכע האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. עס האָט זיך דערהערט דער בראַזג פון גלאָז און אויף דעם שטיינערנעם דיל זענען אַראָפּגעפאַלן די הייליקע באַגלאָזטע בילדער.

— זיי האָבן אונדז דערהערט — האָב איך אַ זאָג געטאָן — לאָמיר אַנטלויפן!

מיר האָבן זיך אויפגעריסן פון די ערטער און שפּאַנענדיק איבער צוויי, איבער דריי טרעפּלעך, זיך געלאָזט לויפן צום אַרויסגאַנג. עס האָבן זיך באַלד דערהערט קנאַלן פון אַלע זייטן, ווי ווילדע טייוואָלאָנים, האָבן זיך די מינעס אָנגעקלאַפּט אין די געמויערטע ווענט פון דער קירכע און אויפגעריסן מיט אַ שרעקלעכן הוק. איין מינע איז אַריינגעפלויגן דורך דעם אויפגעפראַלטן פענצטער און אויפגעריסן נישט ווייט פון אונדז, אויפהויבנדיק וואָלקנס מיט שטויב, שטיקלעך ציגל און גלאָז. מיר זענען אויף אַ ווײַלע שטיין־געבליבן און באַלד זיך געלאָזט ווייטער לויפן. ווען מיר זענען שוין געווען גאָר נאָענט פון דער טיר, האָט אַ צווייטע מינע אַ קלאַפּ געטאָן אין איינעם פון די פעסטע זיילן, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם קיילעכיקן קופּאָל און אויפגעריסן. אין דעם זעלבן מאָמענט האָב איך דערפילט אַ טעמפּן קלאַפּ אין בויך.

— איך בין פאַרוואונדעט — איז מיר בליץ שנעל דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, און נישט אָפּשטעלנדיק זיך, האָב איך אַ טאַפּ געטאָן דאָס פאַרוואונדעטע אָרט. איך האָב אָבער נישט דערפילט די וואַרעמע פליסיקייט פון בלוט, וואָס דאַרף גיין פון דער וווּנד, און נישט דעם, מיר

גוט־באַקאַנטן, ברענענדיקן ווייטיק, וואָס מען פילט, ווען עס עסט זיך איין אין קערפּער דאָס צעגליטע שטיקל שפּליטער פון דער מינע.

— אַ שטיקל ציגל האָט מיר, ווייסט איר, אַ קלאַפּ געטאָן — האָב איך באַשלאָסן. מיר זענען ארויסגעלאָפן פון קירכע און טרעטנדיק איבער דעם טיפן שניי זיך באַהאַלטן צווישן די שטיינערנע פּליטעס פון די פיל קברים, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דעם הויף, אַרום דער קירכע. אָן אויפהער האָבן אויפגעריסן די מינעס אין די ווענט פון דער קירכע און אין אַ שמאָלן קרייז אַרום. די לעצטע מינע האָט געטראָפן אין דעם שווערן אײַזערנעם צלם, אויף דער שפּיץ פון דער קירכע און אים אַראָפּגעריסן. ענדלעך איז דער דייטש אַנטשוויגן געוואָרן. מיר זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, אָפּגעטרייסלט דעם שניי, וועלכער האָט געדיכט באַקלעפּט אונדזערע מלבושים און אַוועקגעגאַנגען צו דעם סאַפּיאָר מיט די פערד, וועלכער איז שוין געווען אומרואיק פון אונדזער צו־לאַנגער אָפּוועזנהייט. אין אַ האַלבער שעה אַרום, זענען מיר שוין געווען אין אונדזער באַטאַליאָן.

## קאַפּיטל 3

ווען מיר זענען אַרײַנגעגאַנגען אין אונדזער „זעמליאַנקע", האָט אישטשענקאָ אײַנגעהייצט אין דעם בלעכענעם אײַוועלע און זיך גענומען אויפקאָכן טיי. איך האָב באַדאַרפט צוגרייטן פאַרן שטאַב דעם „ראַפּאָרט וועגן די אויסגעשטעלטע מאַרשרוטן". ווען איך האָב אַרײַנגערוקט די האַנט אין מיין „פּלאַנשעט" (אַ לעדערנער בײַטל אויף מאַפּעס און דאָקומענטן), בכדי אַרויסצונעמען דעם פעלדטינטער, וואָס איך פלעג שטענדיק מיט זיך טראָגן, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז ער איז צעבראָכן און דער טינט אויסגעגאָסן, אײַנגעזייטיק האָב איך דערזען אין דעם אויבערשטן ווענטל פון „פּלאַנשעט" אַן אַדורכגעשאָסן לאָך. איך האָב שנעל אָנגעהויבן אַרויסלייגן אויף דעם טיש די פּאַפּירן, פון וועלכע אַ גרויסער טייל זענען געווען צעשעדיקט און פאַרפלעקט מיט טינט. אויף דער דנאָ פון „פּלאַנשעט" האָב איך אָנגעטאַפּט אַ שטיקל אײַזן פון אַ קנאַפּן האַלבן קילאָגראַם וואָג. דאָס איז געווען אַן „אָסקאָלעק" (אַ שפּליטער) פון אַ

מינע. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם טעמפּן קלאַפּ אין בויך, וואָס איך האָב דערפילט אין דער קירכע, בשעת איך בין געלאָפן פון דעם אָרגל צום ארויסגאַנג. דאָס האָט דער שפּליטער דעמאָלט געטראָפן אין „פּלאַנשעט", איז דורכגעלעכערט און זיך פאַרהאַלטן אין מיין טאָג־בוך, דאָקומענטן פון געטאָ און אַנדערע פּאַפּירן, מיט וועלכע דער „פּלאַנשעט" איז געווען פול. איך האָב אישטשענקאָן געוויזן דעם שפּליטער.

— דו זעסט, אישטשענקאָ, וואָס פאַר א מתנה דער דייטש האָט מיר געשענקט — האָב איך זיך געוויצלט — ווען דאָס שטיקל אייזן וואָלט אָנשטאָט אין „פּלאַשעט" געטראָפן אין בויך, וואָלסטו איצט אַליין באַדאַרפט שרייבן דעם ראַפּאָרט וועגן די מאַרשרוטן, און דערצו נאָך איין ראַפּאָרט, וועגן „די אומשטענדן, ביי וועלכע עס איז געפאַלן דער אינזש. גילדענמאַן".

— דו שטעלסט זיך פאָר, ווי אַזוי איך וואָלט געשוויצט ביים צונויפשטעלן דעם צווייטן ראַפּאָרט, — האָט אישטשענקאָ א זאָג געטון — נישט לייכט וואָלט מיר אָנגעקומען אויסצוטראַכטן די סיבות פון אונדזער מאַרשרוט אין דער קירכע צום אָרגל.

## קאַפּיטל 4

פּינקטלעך 6 אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די „אַרטילערישע צוגרייטונג" פאַר דער אָפענסיווע. טויזנטער קאַנאָנען פון פאַרשידענע טיפּן, אָנהויבנדיק פון האַוביצעס און ענדיקנדיק מיט די „קאַטיושעס" האָבן איינצייטיק אָנגעהויבן באַשיסן די פיינטלעכע פּאָזיציעס. אין דער זעלבער צייט האָבן פיל עסקאַדרעס באָמבאַרדירער־עראָפּלאַנען אַראָפּגעוואָרפן צענדליקער טאָן באָמבעס, טראָגנדיק טויט און פאַרניכטונג דעם שונא. די ערד האָט געציטערט פון דעם אומאויפהערלעכן שיסן. דאָס קנאַלן פון דער אַרטילעריע, דאָס וואָיען פון די מאָטאָרן, דער פייף פון די פליענדיקע מינעס און דער אויפרייס פון באָמבעס, האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומגעהויערן ווירוואַר. די צוגרייטונג איז געלונגען, וויניקער ווי אין א שעה אַרום זענען שוין אויף א פּאָר צענדליק קילאָמעטער די פיינטלעכע פּאָזי־

ציעם איננאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן און אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד. 8 אַזייגער בין איך שוין, לויט דעם פאַראויסגעזעענעם פּלאַן צוגעטראָטן צו בויען אַ בריק איבער דעם טייכל טשאַרנאַ, בכדי אַדורכצולאָזן אויף דעם אַנדערן ברעג די שווערע אַרטילעריע און טאַנקן.

פאַר דער אָפּענסיווע, פאַרלאָזנדיק מיין זעמליאַנקע, האָב איך איינגעפּאַקט אין דעם נייעם „פּלאַנשעט" מיינע דאָקומענטן און זיך אָנגעשטויסן אויף דעם שטיקל אייזערנעם שפּליטער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, וואָס איך זאָל מיט אים טון, און באַשלאָסן אים אויך אַריינצולייגן אין „פּלאַנשעט".

„אַז איך וועל איבערלעבן די מלחמה — האָב איך בשעת מעשה אַ טראַכט געטון — וועט דער דאָזיקער שפּליטער ליגן אויף מיין שרייב־טיש אַלס אָנדענק".

## קאַפּיטל 5

צוויי מאָנאַטן זענען פאַריבער פון דעם אויבנבאַשריבענעם עפּיזאָד. אונדזער אַרמיי האָט זיך שוין איינגעקלינעוועט אין דער דייטשער טעריטאָריע אויף הונדערטער קילאָמעטער. פיל בריקן האָט מיין באַטאַליאָן שוין אויסגעבויט אויף די טייכן: אָדער, באַבער און ניסע. דורך פיל דייטשע ברענענדיקע שטעט זענען מיר שוין פאַרבייגעגאַנגען. בשעת דעם דאָזיקן זיגרייכן מאַרש זענען געווען טעג, ווען מיר האָבן דורכגעמאַכט מער ווי צו 30 קילאָמעטער. בשעת אַזעלכע מאַרשן, האָט זיך נישט איינמאָל געגלוסט אַרויסצוואַרפן דעם שפּליטער פון „פּלאַנשעט", ווייל ביי אַ פוס־גייער איז אַפילו אַן איבעריקע נאָדל אַ לאַסט. נאָר יעדעס מאָל האָב איך זיך איבערלייגט און אים ווייטער געלאָזן ליגן אין „פּלאַנשעט".

נעבן שטעטל טריבעל, ביי דער ניסע, האָבן מיר גענומען אין געפאַנגענשאַפט אַ דייטשע אינזשיניערן־אָפּטיילונג. די אָפיצירן און אַ גרויסער טייל סאָלדאַטן האָבן מיר אָפּגעשיקט אין הינטער־לאַנד, אָבער וויכטיקערע ספּעציאַליסטן, האָבן מיר איבערגעלאָזט אַרבעטן אין מיין באַטאַליאָן. עס זענען געווען צווישן זיי געניטע שלאָסער,

סטאָליאַרעס און שמידן. צווישן די דאָזיקע פּאַכמענער האָט זיך גיך באַוווּסט געמאַכט דער אַלטער שמיד מיט דעם נאָמען קאַראָל, אַ דייטש פון אַ יאָר 60, פון דער לעצטער טאָטאַלער מאָביליזאַציע. מיט די פּרימיטיוווסטע אינסטרומענטן פלעגט ער אויספּערטיקן די פּרעציזסטע טיילן צו אונדזערע בריקן און בוי־מעכאַניזמען. איינמאָל האָב איך אים געוויזן דעם שפּליטער און געזאָגט:

— אָט דאָס שטיקל אייזן, האָט געזאָלט זיין מיין מלך המות, נאָר עס האָט זיך דעם נישט איינגעגעבן. דעריבער וואָלט איך פון דעם געוואָלט מאַכן עפּעס אַ נוצלעכן קעגנשטאַנד, אַלס אָנדענק. מיט דעם באַדינג, די זאַך זאָל נישט פאַרלירן איר אויסזען פון אַ שפּלי־טער.

קאַראָל האָט לאַנג באַטראַכט דאָס שטיקל אייזן, און צום סוף געזאָגט:

— מען קען דערפון מאַכן אַ שטילעט, אָדער אַ מעסער צום שניידן פּאַפּיר. צייכנט מיר אָן, וועלכע פאָרם איר ווינטשט זיך און איך וועל דאָס שוין אויספּערטיקן.

— די פאָרם האָט פאַר מיר קיין שום באַדייטונג. מעגסט אַפילו דערפון מאַכן אַן האַקן־קרייץ, — האָב איך געזאָגט אין אַ וויץ.

— איך בין אַ גלויביקער דייטש, פון דער אַלטער גענעראַציע — האָט מיט אַ באַשיידן טאָן געזאָגט דער שמיד — ווען נישט דער פאַרשאָלטענער האַקן־קרייץ, וואָלט איך נישט באַדאַרפט זיין אויף די עלטערע יאָרן אַ סאָלדאַט און דערצו נאָך אַ געפאַנגענער. איך וועל שוין צוטראַכטן עפּעס אַזעלכעס, אַז דער הער אינזשעניער זאָל זיין צופרידן.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט מיר קאַראָל געבראַכט אַן אויס־געפּערטיקטן שטילעט. איין טייל שפּליטער, אינגאַנצן נישט געריהרט, האָט געדינט אַלס הענטל, און די צווייטע טייל איז אויסגעשמידט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ טעווטאָנישע אַלט־מאָדישע שווערד אין מיניאַטור. איצט האָב איך שוין מיט מער פאַרגעניגן געטראָגן אין „פלאַנשעט" דעם דאָזיקן אָריגינעלן מעסער, וועלכעס האָט מיר צייטנווייז גענוצט אויף צו שניידן פּאַפּיר און גאַנץ אָפט, כדי אויפ־צועפענען אַ בלעכענעם שאַכטל מיט קאָנסערוון.

צווישן איין אָפּענסיווע און דער צווייטער, באַקומען אַלע מי־ליטערישע איינהייטן אַבסאָלוטע רו, די דאָזיקע אָטעם־פּאַוזע נוצט מען אויף זיך גוט אויסצושלאָפן, שרייבן בריוו, ברענגען אין אָרדע־נונג די „זיעמליאַנקעס" און די מלבושים. דאַקעגן די אינזשיניערן־מיליטער האָבן אין דער דאָזיקער צייט אַמערסטן וואָס צו טאָן. מען באַקומט אַרויס און מען מאַכט אומשעדלעך די פּיל מינעס, וואָס דער דייטש האָט איבערגעלאָזט. מען רעמאָנטירט די בריקן און די וועגן, וואָס די פּיינטלעכע און אייגענע אַוויאַציע האָבן צעשעדיקט און מען גרייט צו די דעטאַלן פון בריקן, וועלכע זענען פּאַראויסגע־זען צו בויען אויף דער טעריטאָריע, וואָס וועט באַפרייט ווערן בשעת דער נאָענטער אָפּענסיווע.

מיר האָבן דעריבער מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט אויפגע־נומען דעם באַפעל, נאָכן פאַרנעמען די שטאָט טאַרגאַו, אויף דעם טייך עלבאַ, אַז אונדזער באַטאַליאָן באַקומט אַן אָפּרו אויף 15 טעג. דעם דאָזיקן אָפּרו האָבן מיר ערלעך פאַרדינט, ווייל מיר זענען גע־ווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך בייגאַכט אַריבערבאַקומען אויף קליינע שיפלעך צום צווייטן ברעג, זיך דאָרט באַפעסטיקט און אונ־טער דעם אינטענסיוון פייער פון דער דייטשער אַרטילעריע, אין משך פון צוויי מעת לעת רעסטאַווירט דעם קאָמבינירטן האַלב־אייזערנעם און האַלב־הילצערנעם בריק, דורך וועלכן מיר האָבן דורכ־געלאָזט די דרייצנטע אַרמיי.

בעתן פאַרנעמען די שטאָט טאַרגאַו, האָבן מיר באַפרייט אַ גרויסן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען בלויז פּרויען, — פּוילישע און טשעכישע. אין אונדזער זיגרייכן מאַרש איבער דער פּוילישער און דערנאָך איבער דער דייטשער טעריטאָריע, איז מיר אויסגעקומען פיל מאָל בייצוזיין און אַליין אָנטיילצונעמען אין דער באַפרייאונג פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ווער עס האָט דורכגעלעבט אַזאַ מאָמענט, וועט אים שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן: דאָס קושן די פאַרשטויבטע, צעשטראַלטע פּנימער פון די באַפרייער; די ספּאַזמאַטישע געוויינען פון פרייד און אויפרעגונג. דאָס נישט נאָרמאַלע לאַכן און רעדן מיט הויכע שטימען פון די אָפּגעשוואַכטע

מענטשן, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי ווילן זיך אויסשרייען פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער קנעכטשאַפט.

דאַן קומט דאָס צעטיילן זיך אויף גרופעס, לויט די נאַציאָנאַליטעטן, און דאָס ספּאָנטאַנישע זינגען פון די נאַציאָנאַלע הימנען, וועלכע גיסן זיך צונויף אין איין מעכטיק פאַראייניקט ליד פון באַפרייאונג. אָפטמאָל, וואַרפט מען זיך שפּעטער מיט כעס און פאַרביטערונג אויף אַלץ, וואָס דערמאָנט אין די שרעקלעכע, שוואַרצע צייטן, פון דער דייטשער ממשלה, מען דעמאָלירט די וווינונגען, מען פאַרברענט אַלץ, וואָס האָט עפּעס אַ מאַטעריעלן ווערט. ווען מען זעטיקט זיך אָן מיט דעם נקמה־אַקט און דער ערשטער אויפברויז פון צאָרן גייט פאַריבער, הויבט מען אָן „אָרגאַניזירט" צו פאַרלאָזן דעם לאַגער. יעדער גרופּע מיט איר אימפּראָוויזירטער נאַציאָנאַלער פאָן, וועלכע איז אָפט מאָל בלויז אַ ווייטע אָנדייטונג אויף די נויטיקע נאַציאָנאַלע פאַרבן, דערנענטערט זיך צו די צעפּראַלטע טויערן, אָדער צעריסענע שטעכעדיקע דראָטן.

איך פלעג מיט פרייד אָבסערווירן די לאַגערניקעס, ווען זיי האָבן געמאַכט די ערשטע, נישט דרייסטע טריט אויף דער דייטשער ערד, אַלס פרייע מענטשן, ווען זיי פלעגן מיט אַביסל דערשראָקענע בליקן באַטראַכטן די גאַס, וווּ אָנשטאָט די בייזע, אָנגעצויגענע, מערדערישע מאַסקעס פון די דייטשע סאָלדאַטן, פלעגט זיי באַגעגענען דער גוטמוטיקער, פרייַנטלעכער שמייכל פון אַ רויטאַרמייער. אין אַזעלכע מאָמענטן האָב איך געטראַכט: „עס איז כדאַי געווען צו ליידן הונגער, קעלט און שרעק אַלס פאַרטיזאַנער, און איצט צו זיין אין שטענדיקער געפאַר, אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט, בכדי צו דערלעבן דעם מאָמענט, אַז איך זאָל, אַלס אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי, שפּרייזן איבער דייטשע שטעט ווי אַ זיגער, טרעטן מיט די פיס די דייטשע פאָן מיטן האַקנקרייץ, שליידערן אויף דער ערד היטלערס סטאַטועס. צערייסן זיינע פאָרטרעטן מיט דער אונטערשריפט אין פאַרשידענע שפּראַכן: „היטלער דער באַפרייער". דאָס זענען געווען די גליקלעכסטע מאָמענטן אין מיין לעבן, ווען איך, דער זון פון דער „מינדערוואַרטיקער יידישער ראַסע", האָב מיט מיינע הענט גע־

עפּנט די טויערן פון די דייטשע לאַגערן און געטראָגן באַפרייאונג טויזנטער מענטשן פון פאַרשידענע נאַציעס.

## קאַפּיטל 6

צוליב דעם, וואָס די ווייניק, גאַנץ געבליבענע באַן־ליניעס זענען געווען איבערפולט מיט אונדזערע מיליטערישע טראַנספּאָרטן, איז נישט דערלויבט געווען די באַפרייטע לאַגערניצעס צו פאָרן אין זייערע לענדער, ביז די פראָנט־ליניע וועט זיך איבערוקן אויף עטלעכע צענדליק קילאָמעטער ווייטער. זיי זענען פּאַרלויפיק געבליבן וווינען אין די זעלבע געביידעס, אויסגעקליבן אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג, און געדולדיק געוואַרט ביז מען וועט זיי געבן צוגן אויף צו פאָרן אַהיים.

צוליב דעם פאַרסירטן פאָרויסמאַרש פון דער ערשטער פראָנט־ליניע, האָבן די ווירטשאַפטס־אָפּטיילונגען פון אונדזערע אַרמיי, ד.ה. די אינטענדאַנטור מיט אַלע וואַרשטאַטן, נישט באַוויזן אונדז נאָכצוגיין און זענען געבליבן ווייט הינטער דעם פראָנט. מיר האָבן דערפון ווייניק געליטן. ווייל אין יעדער פאַרנומענער דייטשער שטאָט האָבן מיר געטראָפן פיל סקלאַדן מיט פּראָוויאַנט. אין איין זאַך האָבן מיר אָבער געפילט אַ מאַנגל, דאָס איז אין אונטער־וועש, וועלכע איז פון די שווערע מאַרשן אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן אונדזער איצטיקן אָפּרו און אויפנייען פאַר מיינע סאַפּיאָרן אַ גענוגנדיקע צאָל העמדער און אונטערהויזן.

די דאָקטאָרין פון מיין באַטאַליאָן, די פרוי קוזניעצאָווא, האָט זיך אונטערגענומען דאָס צו אָרגאַניזירן. ווייסע שטאָף האָט נישט געפעלט אין די פאַרנומענע דייטשע מאַגאַזינען, ניי־מאַשינען האָט זי רעקווירירט פון דער באַפעלקערונג און נייטערינס האָבן זיך אויך געפונען צווישן די באַפרייטע לאַגער־פרויען, וועלכע האָבן דערפאַר באַקומען אַ באַזונדערן געלט־אָפּצאָל.

אין עטלעכע טעג אַרום, בשעתן מיטאָג־עסן, ווענדעט זיך צו מיר די דאָקטאָרין קוזניעצאָווא:

— דו ווייסט, חבר אינזשיניער, צווישן מיינע נייטאָרינס איז

פאַראַן אַ יידיש מיידל פון לאָדזש. ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז דער אינזשיניער פון אונדזער באַטאַליאָן איז אויך אַ ייד און דערצו פון פוילן, האָט זי זיך זייער דערפרייט און געבעטן איך זאָל איר באַקענען מיט דיר. קום היינט צו מיר אויף אָוונט־ברויט, זי וועט אויך זיין; זייער אַ סימפּאַטיש מיידל.

ווען איך בין אין אָוונט געקומען אין דער שיין־מעבלירטער וווי־נונג פון אַ געוועזענעם געסטאַפּאָ־פירער, וועלכע די פרוי קוזניעצאָווא האָט פאַרנומען, האָב איך ביי אַ סערווירטן טיש געטראָפן די דאָק־טאָרין אין דער געזעלשאַפט פון אַ סימפּאַטישער ברונעטן פון אַ יאָר 22—23 מיט קלוגע שוואַרצע אויגן אויף דעם בלאַסן, איידעלן גע־זיכט.

— מיין נאָמען איז עווא — האָט זי זיך פאַרגעשטעלט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל — איך בין גליקלעך צו באַקענען אַ פּוילישן ייד, וואָס קעמפט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי און האָט אָנטייל גענומען אין אונדזער באַפרייאונג.

נאָך אַ געשמאַקן אָוונט־ברויט האָט אונדז די גאַסטפריינטלעכע באַלעבאָסטע איינגעלאַדן אין אַ שכנותדיקן צימער, מעבלירט און דעקאָרירט אין טערקישן סטיל.

— דאָ, אין דעם מזרח־ווינקל, ביי אַ גוט גלעזל אַלטן וויין, וועלכן דער געוועזענער אייגנטימער האָט פאַר אונדז צוגעגרייט, וועלן מיר קענען פאַרזעצן אונדזער שמועס — האָט מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן די פרוי קוזניצאָווא.

אַ העל־בלוי לעמפּל, אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה, האָט דורך די ברייטע בלעטער פון אַ פּאַלמע־בוים, געוואָרפן אַ דיסקרעטן שיין אויף די פּרעכטיקע, פּערסישע טעפּיכער, מיט וועלכע עס זענען געווען באַהאָנגען די ווענט און אויף די פיל געהאַפטענע קישעלעך, וואָס זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע.

— און אַזוי האָבן מיר, יידן פון וואָלין, נישט געוואָלט גיין אויף דעם וועג, וועלכן היטלער האָט פאַר אונדז באַשטימט — האָב איך פאַרגעזעצט מיין דערציילונג, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין עס־צימער, — ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז דער וועג פירט צום טויט דורך דערנידערונג און פּיין. מיר האָבן אויסגעקליבן אַ צווייטן, אויך

אַ שווערן וועג, וועלכער האָט געפירט דורך שרעקלעכע איבערלעבע־נישן, דורך הונגער און נויט, אָבער דער דאָזיקער וועג האָט אויך גע־פירט צום נצחון, צו נקמה און איבער צום טויט, איז צו אַ בכבודיקן טויט, מיט געווער אין האַנט.

זעענדיק לויט די טרערן אין די אויגן, וואָס פאַראַ איינדרוק מיין דערציילונג האָט געמאַכט אויף עוואַן האָב איך, בכדי צו בייטן די שטימונג, פאַרענדיקט מיט אַ ווייצלדיקן טאָן:

— און איך האָב דערלעבט אַזאַ גליקלעכן מאָמענט, אַז אַלס אָפיציר פון דער זיגערישער רויטער אַרמיי, זיץ איך אין אַ פּרעכטי־קער ווינונג, וועלכע אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט פאַר מיר זאָרגפעליק איינגעאָרדנט, אין אַ דייטשער שטאָט, וואָס מיין אַרמיי האָט איינ־גענומען און אין דער געזעלשאַפט פון אַ סימפּאַטישער יידישער טאָכטער, וועלכער מיין באַטאַליאָן האָט באַפרייט פון דער דייטשער קנעכטשאַפט. און איצט אינטערעסירט מיך, ווי אַזוי האָט איר גע־טראָפן אין אַ לאַגער פון קריסטלעכע פרויען?

— דאָס איז איינע פון די פיל טרויעריקע געשיכטעס, וואָס מיר יידן פון קאָנגרעס־פוילן האָבן אין די לעצטע עטלעכע יאָר איבער־געלעבט. אויב איר האָט געדולד, וועל איך זי אייך דערציילן.

— ווען מען האָט אונדז פאַרשפּאַרט אין לאָדזשער געטאָ, איז אונדזער משפחה באַשטאַנען פון 4 פערזאָן: איך, מיין אַלטער פאָ־טער, אַ געוועזענער וועבער, וועלכער איז שוין נישט פעאיק געווען צו פיזישער אַרבעט, מיין אַלטע מוטער און אַ דרייצן־יעריק שוועס־טערל שרהלע. איך איינע האָב געאַרבעט אַלס נייטאָרין אין אַ וואַר־שטאַט פון וועש, פאַר דער ווערמאַכט, און פון מיינע באַשיידענע פאַרדינסטן האָבן מיר זיך אויסגעהאַלטן.

שווער איז געווען דאָס לעבן אין געטאָ. עס האָבן אונדז געפּיי־ניקט די דייטשע מערדערס. מיר האָבן אָפט געליטן הונגער, נאָר דאָך האָט מען זיך געקלאַמערט אין דעם לעבן און געהאָפט אויף עפּעס אַ ישועה. איינמאָל אין אַ פראָסטיקן יאַנואַר־אָוונט, האָט מען אונדז עטלעכע טויזנט יידן צונויפגעזאַמלט און אַוועקגעטריבן אונ־טער דער עסקאָרטע פון אוקראַינער און ליטווינער, צו דעם באַן־הויף. געווען זענען דאָס מערסטנטייל אָרעמע יידן, וועלכע האָבן

נישט געהאַט קיין געלט, אָדער צירונג, מיט וואָס זיך אויסצוקויפן ביים יודן־ראַט.

איך וועל נישט באַשרייבן די האַרצרייסנדיקע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט, בשעת די מערדערס האָבן אונדז מיט געשרייען און קלעפּ, געלאַדעוועט אויף די הילצערנע וואַגאָנעס. די פאַרצווייפלטע געוויינען פון די מוטערס, ווען מען האָט זיי אָפּגעריסן פון די קינדער און פון די קליינע עופהלעך, ווען זיי זענען צעשיידט געוואָרן פון די עלטערן. צו 100 מענטשן האָט מען אונדז פאַרשפּאַרט אין איין וואַגאָן, פאַרפּלאָמבירט די טירן און דער צוג האָט גערירט.

אַנדערטהאַלבן מעת לעת זענען מיר געפאָרן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, אָן וואַסער. די לופט איז געווען אומדערטרעגלעך פון די צונויפגעפּרעסטע, אומריינע מענטשלעכע קערפּערס און פון די פיזישע באַדערפענישן, וואָס מען איז געווען געצוווּנגען אויסצופירן אין דעם פאַרשלאָסענעם וואַגאָן. אויף דעם צווייטן טאָג, נאָך מיטאָג, איז דער צוג שטיין געבליבן און מען האָט אויפגעעפנט די טירן פון וואַגאָן. פון דעם שטראָם ריינער, פּראָסטיקער לופט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז, זענען מיר ווי פאַרשיכורט געוואָרן, די אויגן האָט פאַרבלענדט דער גלאַנץ פון דעם שניי, וואָס איז געלעגן אַרום און וואָס איז געפאַלן פון דעם נידעריקן, פאַרוואָלקנטן הימל. מען האָט אונדז באַפוילן אַרויסצוגיין פון וואַגאָן. דער צוג איז געשטאַנען אין מיטן פעלד, דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער געסאָפּעט, אַרויסלאָזנדיק שוואַרצע קנוילן רויך, געמישט מיט פונקען, און האָט נישט געקענט דורכשלאָגן דעם באַרג שניי, וואָס איז פאַר אים געלעגן און זיך יעדע ווײַלע פאַרגרעסערט.

מען האָט אונדז באַפוילן גיין צום וועג, וועלכן מען האָט פון ווייטנס דערקענט, לויט די פאַרשאָטענע ביז דער העלפט אין שניי טעלעגראַפן־סלופּעס. זינקענדיק ביז די קני אין קלעפּנדיקן שניי, האָט זיך אונדזער קאָלאָנע געצויגן ווי אַ פילפאַרביקער שלאַנג איבער דעם שליאַך — „שנעלער, שנעלער“ ! — האָבן זיך געהערט די אויסגעשרייען פון די באַגלייטערס, וואָס זענען געגאַנגען פון ביידע זייטן קאָלאָנע. האַסטיקע קלעפּ זענען געפאַלן אויף די קעפּ פון די דערשעפּטע, מידע, פאַראורטיילטע צום טויט, באַשעפענישן. יעדער

ווײַלע האָט זיך דערהערט אַ קורצער שאָס פֿון אַ פּיסטאָלעט, אַ גוס־סעדיקער קרעכץ און עס איז געוואָרן ווינציקער מיט איין ייִדן אויף דער וועלט.

דער עלטסטער פֿון אונדזער וואַך איז געווען אַ געלער דײַטש, מיט אַרויסגעשפּאַרטע, וואָסערדיקע אויגן אויף דעם, באַדעקטן מיט גרויסע זומער־שפּרינקלען, געזיכט. ווי אַ ווילדע חיה איז ער גע־פֿלויגן אויף זײַן פֿערד פֿון איין עק קאָלאָנע ביז דער צווייטער, מער־דערלעך געשלאָגן די ייִדן און געמונטערט די אוקראַאינער און ליט־ווינער.

בכדי זיך לײַכטער צו מאַכן, האָבן מיר אַוועקגעוואָרפֿן אונדזערע פּעקלעך מיט דעם ביסל אָרעמקייט, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פֿון געטאָ. איך מיט שרהלען האָבן פֿון בײַדע זײַטן אונטערהאַלטן אונדזע־רע אָרעמע פּאָטער און מוטער, וועלכע זענען שוין געווען אינגאַנצן דערשעפּט. יעדעס מאָל, ווען דער געלער דײַטש איז דורכגעפֿאָרן לעבן אונדז, האָבן מיר באַמערקט, אַז ער וואַרפֿט פֿאַרדעכטיקע בליקן אויף אונדזער שרהלע, וועלכע איז געווען אַ וווּנדערבאַר שיין קינד. אַ הויכע, אַ שטאַרק־אַנטוויקלטע, פֿאַר אירע 13 יאָר, האָט זי אויס־געזען ווי אַ בליענדיקע בלום, מיט אירע פֿאַרוויטעלטע פֿון דעם פֿראָסט באַקן און גלאַנצנדיקע, לוסטיקע אויגעלעך.

אַ שלעכטן פֿאָרגעפֿיל האָבן מיר געהאַט ווען מיר האָבן באַמערקט די בליקן פֿון דעם דײַטש און האָבן איר אַרײַנגענומען אין דער מיט פֿון אונדזער רייע.

עס איז שוין געווען אינגאַנצן פֿינצטער, ווען מיר האָבן זיך דער־שלעפּט צו עפּעס אַ גרויסער פּריצישער ווירטשאַפֿט, וווּ מען האָט געזאָלט נעכטיקן. מיט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, האָט דער געלער דײַטש געציילט די ייִדן און איינציקווײַז זיי אַרײַנגעלאָזט דורך אַ שמאָל טירל אין אַ שטאַל. די ייִדן, צונויפֿגעפּרעסטע אין איין מאַסע, האָבן אויסגעזען ווי דערשראָקענע שאָף, ווען זיי דערפֿילן אַ וואָלף. יעדער האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זײַן רייע צו כאַפּן דעם קלאַפּ און ווערן אַרײַנגעלאָזט אין שטאַל. אונדזער פּאָטער און מוטער זענען שוין געווען אין שטאַל, און שרהלע האָט זיך דערנענטערט, פֿאַרדעקנדיק דעם קאָפּ מיט די הענט. ווען דער געלער מערדער האָט

איר דערזען, האָט ער אַ כאַפּ געטון איר פאַר דער האַנט און אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. „בלייבסט דאָ!" — האָט ער שטרענג באַפוילן. מיך האָט ער ברוטאַל אַ שטויס געטון צו דער אָפענער טיר.

נישט קוקנדיק אויף דער מידקייט, זענען מיר שוין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, פאָרשטעלנדיק זיך די שרעקלעכע ליידן פון אונדזער טייערער שרהלען. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט זיך אויפגעריגלט דאָס טירל פון שטאַל און ווי עפּעס אַ שמאַטע, האָבן צוויי הענט אַריינגעשליידערט שרהלען אין שטאַל. זי איז געבליבן ליגן אָן באַוועגונג און שטיל געקרעכצט. שרעקלעך האָט אויסגעזען דאָס 13־יאָריקע קינד. די אויגן האָבן ביי איר געגלאַנצט נישט נאַטירלעך, אויף דעם פּנים און הענט — סימנים פון פאַרטריקנט בלוט, די האָר צעשויבערט און די מלבושים — צעריסן.

ווי אַ קליין קינד, האָבן מיר איר געהאַלטן אויף די הענט. זי געקושט און געטרייסט. זי האָט שטיל געוויינט פאַר ווייטיק און פאַר חרפּה. מיט אַ שוואַכער, אָפּגעהאַקער שטים האָט זי אונדז דערציילט, אַז נאָכדעם ווי דער געלער דייטש האָט אַלע יידן אַריינגעלאָזט אין שטאַל, האָט ער זי אַוועקגעשלעפּט אין אַ נאָענטערע פּויערישער כאַטע און זי דאָרט פאַרגעוואַלטיקט. נאָכדעם האָבן זי אַ גאַנצע נאַכט געשענדעט די אוקראַינער און ליטווינער.

„פאַרפלוכטע יודען, אַרויס!" — האָבן זיך ווידער דערהערט די ווילדע קולות פון די רוצחים. מען האָט אונדז אויפסניי אויסגעשטעלט אין אַ ריי און געטריבן ווייטער. שרהלע האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס און זיך געוואַקלט ווי אַ שיכורע. מיר האָבן זי אונטערגעהאַלטן און זיך באַמיט נישט אָפּצושטיין פון דער קאָלאָנע. פּלוצלונג איז אָנגעפאָרן אַן עלעגאַנטער אויטאָ און עס זענען פון אים אויסגעשטיגן צוויי אויסגעפּאַשעטע אָפיצירן אין דער אוניפאָרם פון עס־עס. מען האָט אָפּגעשטעלט די קאָלאָנע. דער געלער דייטש איז אונטערטעניק צוגעלאָפן צו די עס־עס לייט און ווי אַ מאַנעקין געבליבן פאַר זיי שטיין מיט דער האַנט ביים דאַשיק. די אָפיצירן האָבן עפּעס גערעדט מיט אויפגערעגטע שטימען און יעדעס מאָל געוויזן אויף די האַנט־זייגערס. צום סוף האָבן זיי מיט פאַראַכטונג אַ קוק געגעבן אויף דער קאָלאָנע און אַוועקגעפאָרן.

דער געלער דייטש האָט צונויפגערופן די אוקראַינער און ליטווי־נער און זיי עפּעס שטרענג באַפוילן. עס האָבן זיך באַלד ווידעראַמאָל איבערגעחזרט די ווילדע אויסגעשרייען: „שנעלער. פאָרויס!“ און עס האָבן זיך נאָך מיט מערער אכזריות אַ שאָט געטאָן די אָנרחמנות־דיקע קלעפּ איבער די יידישע קערפּערס. עפּעס אַן אומרואיקייט האָט זיך געפילט אין דער באַנעמונג פון אונדזערע פּייניקער, גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז די קרעמאַטאָריעס וועלן בלייבן שטיין אָן אַרבעט, אויב מיר וועלן פאַרשפּעטיקן.

שרהלע איז מיט יעדער מינוט געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַ־כער. זי איז שוין נישט געגאַנגען, נאָר מיר האָבן זי מיטגעשלעפּט מיט זיך. צו ביסלעכווייז האָבן אונדז אויך שוין אָנגעהויבן פאַרלאָזן די כוחות און מיר האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, כדי איבער־צוכאַפּן דעם אָטעם. אין דעם מאָמענט איז אָנגעלאָפן דער געלער דייטש און מיט אַ ווילדן אויסגעשריי: „איר פאַרהאַלט די גאַנצע קאָלאָנע!“, אַרויסגעכאַפּט דעם פּיסטאָלעט און מיט צוויי שאָס אַוועקגעלייגט טויטע אויפן אָרט מיין ליבע מוטער און שרהלען.

, עס איז אויף אַ ווײַלע געוואָרן אַ צעמישונג אין די רייען, נאָר באַלד האָט זיך ווידער דערהערט דאָס קול פון דעם געלן מערדער: „פאַרפלוכטע יודן! איך וועל אייך אַלע אויסשיסן! שנעלער, פאָ־רויס!“. די כוואַליע פון מענטשן האָט מיך אונטערגעכאַפּט און אָפּ־געשלעפּט פון דעם אָרט, וווּ עס זענען געבליבן ליגן די טויטע קער־פּערס פון מיינע נאָענטע און טייערע.

ווי אַן אויטאָמאַט, האָב איך געשפּרייזט. עס איז מיר אַלץ איינס געווען וווּהין מען טרייבט מיך. פאַר מיינע אויגן האָב איך די גאַנצע צייט געזען שרהלען. איך האָב איר געזען אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט זי אַריינגעוואָרפן אין שטאַל נאָך דער שרעקלעכער נאַכט, און אָט האָב איך זי געזען, ווען דער מערדער האָט איר אַריינגע־שאָסן די קויל אין קאָפּ און זי איז ווי אַן עופהלע אַ פאַל געטאָן אויף דעם וועג און אַנטשוויגן געוואָרן אויף אייביק. מיין פאָטער איז אויך ערגעץ פאַרשוונדן געוואָרן. אפשר האָט אים אויך דער געלער דייטש דערשאָסן, אָדער ער איז געפאַלן אין אָנמאַכט און צעטראָטן געוואָרן אונטער די טויזנטער פיס.

עס האָט שנעל אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. רעכטס פון דעם וועג, אויפן פעלד, זענען געשטאַנען פויערישע כאַטעס, אין וועלכע עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שיין אין די קליינע פענצטערלעך. מען האָט אונדז באַפוילן צו גיין אין דער ריכטונג פון די ראָזיקע הייזער. צווישן פעלד, אין וועג, איז געווען אַ ברייטער ראָוו, אַ פולער מיט שניי. ווען איך האָב געמאַכט דעם ערשטן שריט דורכצוגיין דעם ראָוו, האָט זיך ווי אָפּגערוקט די ערד אונטער מיינע פיס און איך בין אַ פאַל געטאָן און פאַרזונקען געוואָרן אין שניי. אין דעם זעלבן מאָמענט האָב איך דערהערט אַ שאָס אונטער זיך און אַ שווערע מאַסע איז אויף מיר אַ פאַל געגעבן און מיך צוגעדריקט צו דער ערד. אַ וואַרעמע פייכטקייט איז מיר גערונען איבער דעם פּנים און דעם האַלדז. עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן און איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין."

עווא איז אַנטשוויגן געוואָרן. אירע שיינע אויגן האָבן מיט טרויער געקוקט אויף דעם לעמפּל אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה און אַ טרער האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעקייקלט אויף אירע איינגעפאַלענע בלאַסע באַקן. איך האָב איר אָנגעגאָסן אַביסל ווייַן און דערלאַנגט.

— איך זע, פריינדן עווא, אַז דאָס דערציילן פאַרשאַפט אייך ווייטיק און כאָטש עס אינטערעסירט אונדז זייער דער ווייטערדיקער פאַרלויף, וואָלט איך דאָך אייך פאָרגעלייגט צו מאַכן אַן איבעררייס, ווען איר וועט זיך בארויִקן, וועט איר ווייטער פאָרזעצן.

— ניין, מיינע טייערע פריינד, — האָט פּראָטעסטירט עווא — איך וועל ווייטער דערציילן. שוין 2 יאָר, אַז איך טראָג אין מיין האַרץ די ראָזיקע שרעקלעכע בילדער. די קריסטלעכע פרויען, מיט וועלכע איך האָב די לעצטע צייט געוווינט און צווישן וועלכע איך האָב אַגב געפונען פיל נאָענטע פריינדינס, האָבן נישט געטאָרט וויסן וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט, ווייל די דייטשן האָבן אָפט אַריינגעשיקט אין די לאַגערן פאַרעטערישע פרויען כדי אונדז צו שפּיאָנירן. דעריי־בער בין איך גליקלעך ווען איך האָב די געלעגנהייט פאַר אויפריכ־טיקע, גוטע פריינד זיך אַראָפּצורעדן פון האַרץ...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיין חלשות, איז שוין געווען, ווייזט אויס, נאָך האַלבער נאַכט. איך האָב זיך געפרווט אַרויסבאַ־

קומען פון אונטער דער שווערער לאַסט, וואָס איז אויף מיר געלעגן און נאָך אַן אָנשטרענגונג האָב איך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ פאַרגליווערטן קערפּער פון אַן אַלטער פרוי. איך בין אַרויסגעגאַנגען אויף דעם וועג. ביי דעם אָפּשיין פון שניי, האָב איך געזען, אין דער ריכטונג פון די הייזער, וווהין מען האָט אונדז נעכטן געטריבן, אַ ברייטן שליאַך פון פיל מענטשלעכע טריט, אויף וועלכן עס זענען געלעגן טונקעלע פלעקן פון פאַרלוירענע שיך, היטלען און אַנדערע קעגנשטאַנדן.

לינקס, נישט ווייט פון וועג, איז געשטאַנען איינזאַם אַ פּויעריש שטיבל. דורך דעם פענצטערל האָט געפינקלט אַ שוואַכע שיין פון אַ לעמפל. עס איז מיר געווען שטאַרק קאַלט, איך האָב אינגאַנצן געציטערט און מיינע פאַרגליווערטע פיס האָבן זיך קוים באַוועגט.

„וווהין זאָל איך גיין?“ — האָב איך זיך אַליין געשטעלט די פראַגע. און באַלד איז מיר דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק. „עס איז דען נישטאַ אַלצאיינס וווהין, אומעטום דערוואַרט דער טויט.“

די קעלט האָט זיך אַריינבאַקומען אין אַלע מיינע אברים און איך בין דורכגעדרונגען געוואָרן מיט איין און איינציקן געדאַנק:

כאָטש אויף אַ קורצער ווײַלע דערוואַרעמען מיינע פאַרגליווערטע גלידער און נאָך דעם... נאָכדעם זאָל געשען וואָס עס וויל... דאָס פייערל אין דער פּויערישער כאַטקע האָט ווי געווונקען צו מיר און גערופן. אויטאָמאַטיש האָב איך זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג. איך האָב אויפגעעפנט די נישט־פאַריגלטע טיר. עס האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קנויל פאַרע פון דער וואַרעמער שטוב אין דעם פראָסטיקן דרויסן. ווען איך בין אַריינגעקומען אין נידעריקן צימער מיט דעם ליימענעם דיל, האָט מיך אַרומגעכאַפּט די וואַרעמקייט פון אַ שטאַרק־אָנגעהייצטן אויוון. עס האָט געשמעקט מיט עפּעס אַ געקעכץ, געפרעגלט אויף אייל. אַ קליין נאַפט־לעמפל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ דראָט אין מיטן צימער, האָט געוואָרפן אַ מילדע שיין אויף דעם באַדעקטן מיט אַ לייוונטן טישטוך טיש און אויף די הייליקע בילדער, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ווענט.

— וועמען האָט אַהער גאָט געבראַכט? — האָט זיך דערהערט אַ שוואַכע פרויען־שטים פון צווייטן צימער.

— דערלויבט מיר, גוטע מענטשן, זיך אביסל אָנצוווארעמען. איך בין אינגאנצן דערפרוירן — האָב איך קוים ארויסגעשטאמלט.

— בייטאָג און ביינאכט לאָזט מען ביי אונדז נישט צורו, — האָט א בייזע, מענערישע שטים, א זאָג געטאָן און פון צווייטן צימער איז אריינגעגאנגען אַן אַלטער פויער, מיט א גרויער, פאַטריארכאַלער באָרד. ער האָט מיך פון א זייט פאַרדעכטיק באַטראַכט. מיין טראַגישער אויסזען האָט, ווייזט אויס, ביי אים ארויסגערופן א רחמנות־געפיל, און ער האָט געזאָגט:

— וואַרעם זיך אָן!

איך האָב זיך צוגעטוליעט צו דעם אָנגעגליטן אויוון. אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען איבער מיין גאַנצן קערפּער. די רואיקייט און שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין דעם הויז, האָט נאָך מיט מערער בולטקייט אונטערגעשטראָכן מיין שרעקלעכע פאַרצווייפלטע לאַגע און האָט ווייטיקלעך צונויפגעפרעסט מיין האַרץ. איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן און אויסגעבראָכן אין א ספּאַזמאַטישן געוויין. דער פויער איז געזעסן אויף א באַנק און האָט מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ, לאַנגזאַם פאַרדרייט א סיגאַרעט.

— ביסט א זשידאָווקע? — האָט ער נאָך א לאַנגער פּויזע געפרעגט.

— יאָ, — האָב איך שטיל געענטפערט.

— פון וואַנען האָסטו זיך דאָ גענומען ביינאכט, אין אונדזער פאַרוואָרפענער געגנט?

— איך בין מיט א טראַנספּאָרט יידן דאָ דורכגעגאַנגען און פאַרהלשט געוואָרן. די דייטשן האָבן געמיינט, אַז איך בין טויט און מיך איבערגעלאָזט.

— וואַרעם זיך אָן און פאַרטאָג וועסטו מוזן פאַרלאָזן מיין הויז, ווייל איך וויל נישט ווערן באַשטראָפט צוליב דיר.

— וואָס שרעקסטו זי? האָט זיך ווידעראַמאָל דערהערט די שוואַכע שטים פון א פרוי — זי איז געווים הונגעריק. מען דאַרף איר בעסער געבן עפּעס אָפּצועסן.

אין צימער איז אריינגעגאַנגען, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף א שטעקן, אַן אַלטיטשקע פויערטע מיט א שטאַרק־צעקנייטשט פּנים. זי איז

צוגעגאַנגען צו מיר נאָענט און האָט מיך לאַנג באַטראַכט מיט אירע אויסגעלאָשענע אויגן.

— שלעכט זעסטו אויס, מיין טייערינקע, זייער שלעכט — האָט זי געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

הינקענדיק, איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, ארויסגענומען א טעפּל מיט מילך און אַ שטיק קאָרן־ברויט און דאָס אוועקגעלייגט אויפן טיש.

— זעץ זיך צום טיש און בייס איבער, וואָס גאָט האָט געגעבן — האָט מיט מוטערלעכער ווארעמקייט געזאָגט די אַלטיטשקע — איך וועל דיר אויסבעטן לעבן אויוון, וועסטו זיך אויסווארעמען און מאָרגן וועלן מיר זען וואָס מיר האָבן צו טאָן.

— איר וועט מיר דערלויבן דאָ איבערנעכטיקן? — האָב איך מיט פרייד און פאַרוווּנדערונג געפרעגט — דער מאַן דיינער האָט דאָך געזאָגט, אַז ביז טאָג מוז איך פאַרלאָזן דאָס הויז?

— הער נישט וואָס דער אַלטער זאָגט, ער איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטער, ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל. דאָ, אין דעם פאַרוואָרפע־נעם ווינקל, וועלן ביינאַכט נישט קומען קיין דייטשן און אויף בייטאָג וועל איך דיך באַהאַלטן אין שטאַל, צווישן שטרוי.

— טייערע מענטשן, איך וויים נישט מיט וואָס איך קען אייך אָפּדינען פאַר אייער מיטלייד צו מיר.

— מיר דאַרפן נישט קיין דאנקען — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט די פויערטע — מיר וועלן שוין לאַנג זיך נישט מאַטערן אויף דער זינדיקער וועלט און דאָרט — דאָ האָט זי געוויזן מיטן פינגער אין דער הויך — דאַרף מען נאָר מעשים טובים.

ווי אַ גוטער חלום, האָט זיך מיר אויסגעוויזן דאָס אַלץ, וואָס עס קומט פאָר מיט מיר. ווען איך האָב געגעסן, איז די אַלטיטשקע גע־שטאַנען אָנגעשפּאַרט אין טיש און מיר געקוקט מיט רחמנות.

— מיין נישט, אַז נאָר אייער פאָלק האָט דער „אַנטיכריסט" פאַרניכטעט. נישט ווייניק ליידן איז אויך אויף אונדזער גורל אויס־געפאַלן — האָט שטיל גערעדט די פויערטע — אָט זעסטו אונדז, די צוויי צעבראָכענע אַלטע נפשות. מיר זענען איצט איינזאַם, ווי אַ בעריאָזע אויף דעם טראַקט. די נאַצים האָבן ביי אונדז צוגענומען

די לעצטע צוויי זין. דריי האָבן מיר געהאַט, געהאָרכזאַמע, גוטע קינדער זענען זיי געווען; זיי האָבן אונדז ליב געהאַט און געשוינט. דער עלטסטער איז נאָך פאַר דער מלחמה אומגעקומען אין לאַגער פון בערעזא, ווייל ער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער פּילסודסקי־מאַכט. דער יונגסטער איז געווען אין דער פּוילישער אַרמיי און איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן וועסטער־פּלאַטע... דעם מיטלסטן האָבן די דייטשן פאַרמאַטערט אין פּאַוויאַק... דער לעצטער האָט איבערגע־לאָזט אַ פרוי, וועלכע איז אונדז געווען ווי אַן אייגענע טאָכטער. ווען זי האָט זיך דערוווסט וועגן טויט פון איר געליבטן מאַן, האָט זי אָנגעהויבן קרענקען, איז אַריינגעפאַלן אין שווינדזוכט און מיט 2 מאָנאַטן צוריק האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה. נאָר וואָס דאַרף איך דיר דערציילן וועגן מיינע צרות, האָסט גענוג אייגענע — מיט די ווערטער האָט די פויערטע פאַרענדיקט איר טרויעריקע דערציילונג און אָפּגעווישט מיט דעם עק פון דער פאַטשיילע אַ טרער.

צוויי וואָכן האָבן מיך די דאָזיקע באַרמהאַרציקע פויערים אויס־געהאַלטן און דערנאָך האָבן זיי מיר געגעבן דעם „פּערסאָנאַל־אויס־וויַיז" (פּאַספּאָרט) פון זייער פאַרשטאָרבענער שנור און אַלס אַריע־רין, בין איך אַוועקגעגאַנגען אין אַ ווייטן דאָרף און זיך פאַרדונגען צו אַ רייכן פויער אַלס שטוב־אַרבעטערין. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום, האָט מען אין דעם דאָרף מאָביליזירט יונגע מענער און פרויען אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. מען האָט מיך אויך פאַרנומען און אַזוי אַרום האָב איך געטראָפן אין דעם לאַגער, פון וועלכן דיין באַ־טאַליאָן האָט אונדז באַפרייט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט אונדז נאָך דאָס לאָדזשער מיידל דערציילט אירע איבערלעבונגען און איינדרוקן פון לאַגער. אונדזער באַקאַנטשאַפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער פריינט־שאַפט. איך האָב זיך באַמיט איר צו שאַפן בעסערע בדינגונגען און געהאָלפן מיט וואָס איך האָב נאָר געקענט. אין אַ וואָך אַרום האָט דער מיליטערישער קאָמאַנדאַנט דערלויבט די לאַגערניצעס צו פאַר־לאָזן די שטאָט טאָרגאַו, נאָר צוליב דעם, וואָס די באַן־ליניעס זענען געווען איבערגעלאָדן מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן, האָט ער זיי רעקאָמענדירט צו גיין צופוס.

# קאַפּיטל 7

דאָס וועטער איז געווען אַ מילדעס. עס האָבן שוין געבלאָזן וואַרעמע פרילינגס־ווינטן, אַזוי, אַז די פּערספּעקטיוו פון גיין הונדערטער קילאָמעטער צופוס האָט די באַפרייטע פון לאַגער נישט געשראָקן. גרופּנווייז, לויט די נאַציאָנאַליטעטן, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט. די פּוילישע פרויען האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט און אין עטלעכע טעג אַרום זיך געקליבן צו לאָזן אין וועג. איך האָב געווען פאַרזאָרגט מיט אַ לייכט האַנטדרוועגעלע, אויף וועלכן זי האָט אָנגעלאָדן איר באַשיידענעם באַגאַזש. איך האָב איר אויך מיטגעגעבן אַ גענוגנדיקע צאָל קאָנסערוון און ברויט. אַלץ איז ביי איר געווען אין בעסטן אָרדענונג, נאָר די שיך אירע האָבן זיך מיר אויסגעוויזן צו שוואַך אויף אויסצוהאַלטן אַזאַ ווייטן מאַרש.

אַזוי ווי קיין לעדער האָט נישט געפעלט אין מאַגאַזין פון מיין באַטאַליאָן און אין לאַגער פאַר דייטשע קריגסגעפאַנגענע איז געווען אַ גוט־איינגעאָרדנטער שוסטער־וואַרשטאַט, האָב איך באַשלאָסן איר אויפצונייען אַ פּאָר פעסטע שיך.

דעם זעלבן טאָג זענען מיר אַוועקגעגאַנגען צום לאַגער, וועלכער האָט זיך געפונען אַ פּאָר קילאָמעטער פון שטאָט. פריער מיט אַ מאָנאַט האָבן אין די דאָזיקע הילצערנע באַראַקעס געשמאַכט, הינטער די שטעכעדיקע דראָטן געפאַנגענע פראַנצויזן. עס איז פונקט געווען מיטאָג־צייט. איבער די באַשאָטענע מיט געלן זאַמד שטעגעלעך, זענען געגאַנגען דייטשן מיט די אַלומין־קעסלעך אין די הענט, צו דער קוך נאָך זופּ. עוואַ האָט מיך געהאַלטן פעסט ביים אָרעם און געקוקט מיט דערשראָקענע אויגן אויף די דייטשן, וועלכע האָבן, דורכגייענדיק מיר סאַלוטירט.

— איר ווייסט, חבר אינזשיניער — האָט זי אַ זאָג געטאָן — אַפילו איצט, אַז איך זע אָט די מערדערס, רופן זיי ביי מיר אַרויס שרעק, כאָטש איך ווייס, אַז זיי זענען שוין אינגאַנצן אומשעדלעך, און זענען שוין נישט אומשטאַנד מיר קיין שלעכטס צו טאָן.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער קאַנצעלאַריע פון לאַגער, איז פונקט פון איינעם פון די נאָענטסטע באַראַקן אַרויסגעגאַנגען אַ

גרופע דייטשן. פלוצלונג האָט זיך עווא צו מיר שטאַרק צוגעדריקט און אויסגעשריגן:

„אָט איז ער! איך האָב אים דערקענט!" איך האָב נישט באַוויזן זי אונטערצוכאַפּן, ווי זי איז אין אַנמאַכט אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד.

מיר האָבן עוואן אַריינגעטראָגן אין דער „קראַנקען־שטובע", ווו דער דאָקטער פון לאַגער איז צוגעטרעטן איר אָפּצומונטערן. לאַנג האָט געדויערט ביז זי איז געקומען צו זיך און איז געווען אימשטאַנד אונדז צו דערציילן די סיבה פון איר שרעק.

— איך האָב דערזען דעם געלן דייטש, וואָס האָט פאַרגעוואַל־טיקט מיין שוועסטער און דערנאָך זי דערשאָסן צוזאַמען מיט מיין מו־טער — האָט מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט עווא.

קאַפּיטאַן קאַלינין, דער אָנפירער פון לאַגער, וועמען איך האָב אין קורצן דערציילט די טראַגעדיע, וואָס עווא האָט איבערגעלעבט, האָט זיך דערמיט שטאַרק איבערגענומען, כאָטש ער האָט געצווייפלט אין דעם, צי דאָס איז דער זעלבער דייטש. ער האָט געזאָגט:

— אין מיין לאַגער זענען בלויז פאַראַן געוויינלעכע פראָנט־זעל־נער, און דער, וואָס האָט דערמאָרדעט דיין פריינדינס שוועסטער און מוטער, איז געווען אַ געסטאַפּאָוויעץ, אָדער אַ עס־עס מאַן.

— דו ביסט זייער נאַאיוו, קאַפּיטאַן — האָב איך אים געענט־פערט — איצט, פאַר דער מפּלה, וועט נישט איין הויכער דייטשער אָפיציר זוכן אַ רעטונג אין די לאַגערן, אַנטוענדיק זיך אין דער אומ־שולדיקער פעל פון אַ געוויינלעכן פראָנט־זעלנער.

— דאָס איז ער, דאָס איז ער — האָט אָן אויפהער איבערגע־חזרט עווא — איך האָב אים דערקענט. זיין געלער, מערדערישער קאָפּ, די וואַסערדיקע אויגן זענען די צוויי יאָר שטענדיק געשטאַנען פאַר מיינע אויגן.

— אויב דאָס איז ער, וועלן מיר אים געפינען, כאָטש צווישן מיינע 2000 געפאַנגענע דייטשן זענען פאַראַן פיל געלע מיט וואַ־סערדיקע אויגן. קומט מאָרגן נאָך דער אַרבעט, איך וועל מיין גאַנצן לאַגער אויסשטעלן גרופּנווייז. צו 40 מאַן, און צו 3 אין אַ רייע, און מיט זיי דורכמאַרשירן לעבן דעם פענצטער פון קאַנצעלאַריע, ביי

וועלכן איר וועט שטיין. אזוי ארום וועט איר קענען זען אלע דייטשן און דערקענען דעם מערדער, אויב ער איז אין מיין לאַגער פאַראַן.

לויט ווי מיר האָבן אָפּגעשמועסט מיט דעם קאַפּיטאַן קאַליניִן, זענען מיר אויף דעם צווייטן טאָג געקומען אין לאַגער און זיך אָוועקגעשטעלט ביי דעם פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע. אונטער דער אָנפירערשאַפט פון זייערע עלטסטע, האָבן פאַר אונדז דעפילירט די געפאַנגענע דייטשן. אין דער 12־טער גרופע, אין דעם 6־טן דריטל, דער ערשטער פון דער לינקער זייט, האָט מאַרשירט דער געלער דייטש. עווא האָט זיך געמוזט שטאַרק באַהערשן, זי זאָל ווידער אַמאָל נישט חלשן, ווען זי האָט אים דערזען.

## קאַפּיטל 8

עס ליגט פאַר מיר דאָס מיליטערישע ביכל פון דעם קריגס־געפאַנגענעם ראָבערט ליטקע, און אַ פּאָר מעטער פון אונדז שטייט אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, אַ דאַרער, געלער דייטש, מיט גרויע אויגן, וועלכע קוקן, אָן וועלכן עס איז נישט אויסדרוק, אין איין פּונקט.

— פאַרוואָס זענען אויסגעריסן צוויי בלעטלעך אין דיין ביכל?

— פרעג איך אים.

— בשעת איך בין געווען פאַרוואונדעט, איז דאָס ביכל צעשעדיקט געוואָרן — האָט דער דייטש רואיק געענטפערט.

— אין וועלכן געגנט ביסטו פאַרוואונדעט געוואָרן?

— נעבן דער שטאָט בריאַנסק, אויף דעם אָסט־פראָנט.

— אין דיין ביכל איז פאַראַן אַ קיילעכדיקער שטאַמפּ פון דעם פעלדשפּיטאָל 2210, אין וועלכן אָרט האָט ער זיך געפונען? — האָב איך געשטעלט ווידער אַ פראַגע.

— אין ליצמאַנשטאַדט (לאָדז).

— זאָג אונדז, ווו האָסטו זיך געפונען נאָך דעם, ווי דו ביסט אַרויס פון שפּיטאָל? אין דיין ביכל איז וועגן דעם צייט־אָפּשניט נישטאָ קיין שום שפּורן.

דער דייטש האָט אויף מיין פראַגע נישט באַלד געענטפערט און

אויף זיין פנים האָב איך באמערקט אַ פאַרלעגנהייט, נאָר באַלד האָט ער זיך באַהערשט און מיט דעם דייטש־סאָלדאַטישן אופן אָפּגעראַפּאָרטירט.

— אין 135־טן יעגער־רעגימענט!

„דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, זעענדיק ווי דער דייטש איז געוואָרן צעמישט פון מיין לעצטער פראַגע. לויט דעם אָבער ווי ער האָט זיך באַלד באַהערשט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ געניטער פאַרברעכער.

— קאַפּיטאַן קאַלינין — האָב איך זיך געווענדעט צו דעם עלטסטן פון לאַגער — ווי דו זעסט, האָבן מיר צוטאָן מיט אַ געפערלעכן דענונציאַנט און דאָס פאַרברעכן, וואָס מיין פריינדין האָט געשילדערט, איז געווים ביי אים נישט געווען, נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס לעצטע. איך וויל דיך דעריבער בעטן אים אַרויסצוגעבן צו מיין דיספּאָזיציע און איך וועל שוין אַלץ אויספאָרשן און אים אויסמעסטן די פאַרדינטע שטראָף.

— איך וווּנדער זיך, חבר אינזשיניער, וואָס דו פאָדערסט אַזאַ זאַך. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן דייטש פון מיין לאַגער און אויסער דעם, ביסטו דאָך נישט קיין יוסטיץ־אָרגאַן און ביסט נישט באַרופן אים צו באַשטראָפן.

— שטעל זיך פאָר, חבר קאַפּיטאַן, אַז דער דאָזיקער ראָבערט ליטקע האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט אַ גרופּע קריגס־געפאַנגענע בשעתן בויען אַ בריק און איז אַראָפּגעפאַלן פון דער רושטאָוואַניע אין טייך אריין און דערטרונקען געוואָרן, אָדער בעתן צוגרייטן קלעצער אין וואַלד, איז אויף אים געפאַלן אַ 100־יאָריקע סאָסנע און אים צעקוועטשט, טאָ דאַן ביסטו אויך פאַראַנטוואָרטלעך?

— אין אַזאַ פאַל מאַך איך אַן אַקט (דאָקומענט), וועלכן עס שרייבן אונטער דער „נאַטשאַלניק קאַראַאולאַ" (דער עלטסטער פון דער וואַך) און דער מעדיצינישער לייטער פון דעם דאָזיקן אַרבעטס־אָביעקט. דאַן בין איך אינגאַנצן אין אָרדענונג.

— דעם צווייטן אונטערשריפט קען איך דיר שוין געבן, שרייב אָן דעם „אַקט" און וועגן דעם ערשטן דאַרפסטו אויך נישט האָבן קיין דאגות.

— ניין — האָט קאַלינין דערקלערט קאַטעגאָריש — איך קען דאָס נישט טאָן. איך באַגיי דערמיט אַ פאַרברעכן. דאָס איז געמיס־ברויכט מיט מיינע רעכט.

דאַן האָב איך געפרוווט אויף אַן אַנדערן אופן אים צו איבער־צייגן.

— איך בין זיכער, חבר קאַפּיטאַן, און דו גלייבסט אויך געוויס אין דעם, אַז נאָך דער מלחמה וועט מען אויסגעפינען אַלע נאַציס, געסטאַפּאָווצעס און אַנדערע דייטשישע פאַרברעכער און מען וועט זיי משפּטן. דאָס וועט זיין פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבן, דאָס אויס־האַלטן די דאָזיקע דייטשן אין די תפיסות און דאָס דורכפירן די געריכט־פּראָצעדורן. אויב איך וועל איצט ליקווידירן דעם דאָזיקן מערדער, וועלן מיר איינשפּאָרן די אַלע קאָסטן און דורך דעם ברענ־גען בלויז נוצן דעם מלוכה־אוצר. און צווייטנס, דאַרפסטו דערפון האָבן אַ גרויסע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע, וואָס האָסט מיטגעהאָלפן אַן אומגליקלעכע פרוי נקמה צו נעמען אין דעם מערדער פון אירע עלטערן און שענדער פון איר מינדעריעריק שוועסטערל.

איך ווייס נישט וועלכער פון מיינע אַרגומענטן האָט אים איי־בערצייגט, נאָר ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן אין שפּאַס:

— נישט קיין אינזשיניער האָסטו באַדאַרפט זיין, נאָר אַן אַד־וואָקאַט. עס בלייבט ווי דו ווילסט. מאָרגן 10 אַזייגער קום צוגיין אַהער. ווען איך וועל אַוועקשיקן דעם לאַגער צו דער אַרבעט, וועל איך ראָבערט ליטקען דאָ פאַרהאַלטן און אים איבערגעבן אין דיין רשות.

10 אַזייגער אינדערפרי זענען איך, עווא און מיין שאָפער קרוג־ליאַקאָוו געקומען אין לאַגער און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר שוין געפירט דעם געבונדענעם ראָבערט ליטקע צו די רואינירטע האַנגאַרעס פון אַ געוועזענעם דייטשן אַעראָדראָם, וועלכער האָט זיך געפונען אַ קילאָמעטער פון לאַגער.

אַלס מיין מיטהעלפער אין דורכפירן די דאָזיקע „אַקציע", ווי די דייטשן האָבן דאָס גערופן, האָב איך אויסגעקליבן דעם שאָפער קרוגליאַקאָוו, צוליב פאָלגנדיקע סיבות: ערשטנס, ווייל ער איז גע־ווען מיינער אַן אינטימער פריינט און האָט שוין נישט איין מאָל

אָנטייל גענומען מיט מיר צוזאַמען אין ענלעכע אימפּרעזעס — דאָס האָט ער מיר געהאָלפן צווינגען אַלע 18 משפחות פון דייטשן דערפל קרייץ־דאָרף, זיי זאָלן זיך אָנטרינקען מיט דעם וואַסער פון ברונעם, וואָס די היטלעריסטן האָבן פאַרסמט, פאַר דעם פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

איך האָב געהאַט צו אים דעם פולן צוטרוי, ווייל אין קעגנזאַץ צו אַנדערע שאָפערן, האָט ער נישט געטרונקען קיין בראָנפן און איז געווען אַ בחור, אויף וועלכן מען האָט זיך געקענט פאַרלאָזן. נאָר די הויפּט־זאַך, וואָס האָט מיר ביי אים אימפּאָנירט און אונדז באַפריינדעט, דאָס איז געווען זיין אומבאַגרענעצטע און באַגרינדעטע שנאה צום דייטש. ער איז געווען אַ פויער פון אַ דאָרף און סומסקער אָבלאַסט. אין אָנהויב מלחמה האָט מען אים מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און ער האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע פרוי מיט דריי קינדערלעך, אַן אַלטע מוטער, יונגערע שוועסטער און שוועגערינס, צוזאַמען אַ משפחה פון 11 מענטשן.

ווען קרוגליאַקאָוו איז געווען הינטער מאָסקווע, האָט זיין היימאַט־דאָרף געשמאַכט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. צוויי יאָר האָט ער קיין שום ידיעות פון זיין משפחה נישט געהאַט און ער האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען די רויטע אַרמיי וועט באַפרייען זייער געגנט. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דער מאַרשרוט פון אונדזער אַרמיי האָט געפירט דורך זיין דאָרף. קרוגליאַקאָוו איז דערפון געווען גליקלעך. ער האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט ווי ער גייט אַריין אין זיין כאַטע, אַלס סערזשאַנט מיט דער ברוסט באַהאָנגען מיט מעדאַלן. ווי זיין יונגע, שיינע נאַטאַשאַ וואַרפט זיך אין זיינע אָרעמס און דערציילט אים וועגן אירע שרעקלעכע איבערלעבונגען ביים דייטש, ווי ער קושט זיינע קינדערלעך און טרייסט זיין אַלטע מוטער, וועלכע האָט אַזוי פיל טרערן פאַרגאָסן אויסוואַרטנדיק איר „סאָקאָליק“.

ווי שרעקלעך אַנטוישט אָבער איז ער געוואָרן, ווען ער האָט צווישן די ערשטע זיך אַריינגעריסן אין זיין דאָרף. ער האָט עס נישט דערקענט, ס'איז געווען אינגאַנצן פאַרברענט. די עטלעכע על פּי נס געראַטעוועטע איינוווינער האָבן אים דערציילט, אַז אין האַרבסט 1942 איז געקומען צו זיי אין דאָרף אַ דייטשע שטראָף־

עקספּעדיציע, צונויפֿגעטריבן אַלע משפּחות פֿון רויטאַרמייער און פּאַרטיזאַנער אין אַ שטאַל, אים באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן. די 11 מיטגלידער פֿון זיין משפּחה זענען אויך געווען צווישן די,וואָס דער דייטש האָט לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט.

פֿון דאַן אָן איז פֿאַרגעקומען אַן ענדערונג אין דעם גוטמוטיקן, מילדן רוס. ער איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דעם דורשט נאָך נקמה. אין יעדן דייטש האָט ער געזען דעם מערדער פֿון זיין משפּחה. זיינע נקמה־אַקטן האָבן שוין צייטנווייז געגרענעצט מיט סאַדיזם. ער האָט זיך שוין דערמיט אַפילו באַוווּסט געמאַכט אין דעם שטאַב פֿון דער אַרמיי און האָט שוין עטלעכע מאָל געהאַט פֿאַרוווּרפֿן צוליב דעם.

ווען איך האָב קרוגליאַקאָוון דערציילט וואָס פֿאַרא פֿאַרברעכן ראָבערט ליטקע איז באַגאַנגען, האָט ער מיט פֿרייד אָנגענומען מיין איינלאַדונג בייצווויינען און מיטהעלפֿן באַשטראָפֿן דעם דאָזיקן מערדער.

מיר האָבן זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אויף אַ טייל פֿון אַ פֿאַרברענטן וואַגאָן און צוגעטראָטן צום פֿאַרהער. מיינע פֿראַגן און ראָבערטס ענטפֿערס, האָב איך קרוגליאַקאָוון איבערגעזעצט אויף רוסיש. דער מערדער איז געשטאַנען קעגן אונדז. מיט געבונדענע הענט און מיט זיין בייזן און איינצייטיק דערשראָקענע פּנים, האָט ער אויסגעזען ווי אַ ווילדע חיה אין אַ שטייג.

— אַלזאָ, מיר זענען פֿאַר אונדזער נעכטיקן פֿאַרהער — האָב איך מיט אַן ערנסטן טאָן געזאָגט — זיי וויסן, ראָבערט ליטקע, דאָס איך האָב באַוויזן, אַז נאָכדעם ווי דו האָסט פֿאַרלאָזט דעם שפּיטאָל, ביזטו נאָך אַ לענגערע צייט געווען אין לאָדזש. דו באַשטעטיקסט דאָס?

דער דייטש האָט געשוויגן. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט ווי עס האָט מיך פֿאַרהערט דער קאָמענדאַנט און זשאַנדאַרמעריע אין שטעטל מאָלין, צו וועמען איך בין אַריינגעפֿאַלן אַלס פּאַרטיזאַנער. איך האָב זיך דערמאָנט ווי ער האָט זיך געשפּילט בשעת מעשה מיט זיין פּיסטאָלעט, מאַניפּולירנדיק אַזוי, אַז ער זאָל אויסקומען מיט דער לופֿע צו מיר. איך האָב אַרויסגענומען מיין

פּיסטאָלעט און אויך אַזוי געטון. דערנאָך האָב איך איבערגעחזרט די ווערטער פון דעם זשאַנדאַרם:

— וואָרום שווייגסטו? ענטפער, ווייל מיר האָבן פאַרשידענע מיטלען אויף צו צווינגען, אַז דו זאָלסט רעדן.

— יאַ וואָל, הער אָפיציר — האָט מיט אַ דערשלאָגענער שטים געענטפערט דער דייטש — אַלס רעקאָנוואַליצענט בין איך 6 מאָ־נאַטן געווען אין לאָדזש ביי דער אָרטיקן קאָמאַנדאַנטור.

— וועלכע פונקציעס האָסטו דאָרט אויסגעפירט?

— איך בין געווען אין דער זאָנדער־קאָמאַנדע, פאַר אינערלעכע דינסט.

— צי האָט די זאָנדער־קאָמאַנדע אויך באַגלייט יידישע טראַנס־פּאָרטן פון געטאָ קיין טרעבלינקע?

— ניין! — האָט דרייסט געענטפערט דער דייטש.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים שטאַרק נאָענט און אַריינקוקנדיק אין זיינע גזלנישע אויגן, ציילנדיק די ווערטער, געזאָגט:

— אָט די דאָזיקע פרוי איז איינע פון די יידן, וואָס דו האָסט געטריבן קיין טרעבלינקע.

דער דייטש האָט אַ ציטער געטאָן און איז געוואָרן שטאַרק בלאַס, נאָר באַלד האָט ער זיך באַהערשט.

— יאַ וואָל, הער אָפיציר, איך דערמאָן זיך, עס איז געווען איינמאָל אַזאַ פאַל.

קרוגליאַקאָוו האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די געדולד און האָט זיך געווענדעט צו מיר:

— וואָס ציסטו אַזוי לאַנג די אויספאָרשונג. עס איז שוין אַלץ קלאָר, ער האָט זיך שוין כמעט אין אַלץ מודה געווען.

— איך טו דאָס מיט אַ כיוון — האָב איך אים געענטפערט — איך בין שוין אין זיין ראָליע געווען און איך ווייס וואָס פאַראַ פאַר־גענִיגן עס פאַרשאַפט אַ לאַנגע אויספאָרשונג דעם, וואָס עס פאָרשט, און וויפל עגמת־נפש דאָס פאַרשאַפט דעם, וואָס מען פאָרשט.

איך האָב זיך ווידעראַמאָל געווענדעט צום מערדער:

— אין אַ ווינטער־נאַכט, בשעת דו האָסט באַגלייט אַ טראַנס־פּאָרט יידן צום פאַרניכטן, האָסטו אַרויסגענומען פון דער ריי אַ

13־יאָריק יידיש מיידעלע און זי פאַרגעוואַלטיקט. אויף דעם צווייטן טאָג האָסטו זי און איר מוטער דערשאָסן. דאָס זענען געווען דער דאָזיקער פרוים שוועסטערל און מוטער.

דער דייטש האָט אַרייננעצויגן זיין קאָפּ אין די אַקסל און האָט אָנגעהויבן ציטערן. איך האָב געפילט, אַז מיינע ווערטער פאַלן ווי קלעפּ פון אַ שווערן האַמער איבער זיין קאָפּ. פּלוצים איז ער אַ פאַל געטאָן אויף די קני און מיט אַ וויינענדיקן קול אויסגעשריגן:

— פאַרצייעט מיר, ליבע מענטשן! איך אָנערקען מיין שולד! דאָס האָט מיך עפּעס אַ בייזער גייסט באַהערשט און געשטויסן צו דעם פאַרברעכן. איך קוש די ערד... פאַרצייעט מיר!

ווי העסלעך האָט אין דעם מאָמענט אויסגעזען דער מערדער, וואָס האָט ווי אַ שלאַנג זיך געוויקלט אויף דער ערד און געוויינט. ווי ענלעך איז ער אין דער מינוט געווען צו אַלע דייטשן, ווען זיי זענען באַזיגט. עס פאַרשווינדט מאָמענטאַל זייער גדלות, זייער באַפעלערישע שטים, זייער גאַנצער אויסזען פון „זין פון דער הערשנדיקער ראַסע". אַלץ פאַרשווינדט. עס בלייבט בלויז אַ נישטיק, עקלהאַפט באַשעפעניש, וואָס האָט מורא צו פאַרלירן זיין אומריינע ביליקע נשמה.

איך האָב שוין אָנגעשטעלט דעם פיסטאָלעט כדי צו ענדיקן מיט דעם העסלעכן נפש, נאָר קרוגליאַקאָוו האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט און אויסגעשריגן:

— וואָס ווילסטו טאָן, חבר אינזשיניער? ווילסטו אים שיסן? דאָס איז עס די באַצאָלונג פאַר אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן, וואָס דער דאָזיקער מערדער איז באַגאַנגען? ניין, דאָס וועט זיין אַ צו לייכטער טויט. איך בין זיכער, אַז עוואָס 13־יאָריקע שוועסטערל איז געווען נישט די ערשטע און נישט די לעצטע, פון די פיל אומשולדיקע קינדער, וואָס ער האָט אומגליקלעך געמאַכט. מיר דאַרפן פאַר אים צוטראַכטן אַזאַ טויט, וועלכער זאָל אים דערמאָנען אין אַלע פאַרברעכנס, וואָס ער איז באַגאַנגען.

קרוגליאַקאָוו האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך צוגעגעבן:

— איך לייג פאָר אים קאַסטרירן. ער דאַרף פאַר דעם טויט פילן

די שרעקלעכסטע ווייטיקן גראדע דארט, ווו ער פלעגט זוכן דעגענער־רירטע, חיהשע פארגעניגנס.

אויסטערליש קען אויסזען פאר פיל מענטשן מיט ווייכע הער־צער, שוואכע נערוון און נאך שוואכערן זכרון, וואס איך, דער רואי־קער אינזשיניער פון א יידישע שטעטל אויף וואלין און עווא, די באשיידענע לאדזשער נייטארין, האבן באשטעטיקט קרוגליאקאוום אורטייל. כדי דאס צו פארשטיין וואלט איך פארגעלייגט אט די אלע בארמהערציקע מענטשן זיך פארצושטעלן אונדזער צושטאנד אין דעם מאמענט, און זען די בילדער, וואס מיר האבן געזען, קוקנדיק אויף דעם מערדער ראבערט ליטקע:

איך האב געזען די ערשטע אקציע אין אונדזער שטעטל... א שיי־נער פרילינג־טאג, ערב שבועות... אין א גרוב 20 אויף 20 מעטער די לענג און דריי מעטער די טיף שטייט א טיש באשטעלט מיט פלע־שער קאניאק און פארבייסעכץ... ביים טיש זיצט א ראבערט ליטקע מיט אן אויטאמאט אין דער האנט... מען טרייבט אריין אין גרוב צו זעקס נאקעטע, דערשלאגענע, דערשראקענע יידן. דער „ראבערט ליטקע" באפעלט זיי זיך אוועקלייגן מיט דעם פנים צו דער ערד און צווישן איין טרונק קאניאק און דעם צווייטן דערשיסט ער זיי... צווישן די 2200 יידן, וועלכע די „ראבערט ליטקעס" האבן דעם טאג געשאסן, איז אויך געווען מיין פרוי און 13־יאריק טעכטערל. איך זע צו די שרעק אין די בלויע, הימל־קאליר אויגעלעך פון מיין קינד, איך הער ווי זי בעט זיך ביי דעם מערדער, ער זאל זי נישט הרגענען, זי וויל לעבן... איך זע דעם איראנישן שמייכל אויף דעם באזויפטן געזיכט פון דעם „ראבערט ליטקע"... עס קלינגט אפ אין מיין הארץ דער שאס פון אווטאמאט, וועלכער האט צוגענומען דאס לעבן פון מיין פרוי און קינד... ער האט אויף זיי קיין רחמנות נישט געהאט... צי האט געקענט ביי מיר נאך די דאזיקע וויזיעס ארויסרופן מיטלייד אט די וויינענדיקע שלאנג, וואס האט זיך געוואלגערט פאר מיינע פיס?

עווא האט געזען איר שוועסטערל, א צעבראכענע פיזיש און מאַ־ראליש, ווען מען האט איר נאך דער שרעקלעכער נאכט ארייננגע־ווארפן אין שטאל. עווא האט געזען די דערשראקענע מוטער און

שרהלען, וועלכע זי האָט איבערגעלאָזט ליגן טויטע אויף דעם פאַר־שנייטן שליאַך. עווא האָט נישט געזען קיין וויזיע, נאָר דעם ריכטיקן ראָבערט ליטקע, דעם אויספירער פון די אַלע פאַרברעכנס. צו האָט זיך געקענט אין איר האַרץ געפינען אַ פונק פון רחמנות צו דעם דאָזיקן מערדער?

קרוגליאַקאָוו האָט געזען ווי אַ „ראָבערט ליטקע" שלעפט זיין נאַטאַשען פאַר דעם לאַנגן, העל־בלאָנדן צאָפּ צום שטאַל. ער האָט געזען ווי מען שליידערט אַהין אַריין זיינע קינדערלעך, די מוטער, די שוועסטער... אַ „ראָבערט ליטקע" באַגיסט דעם שטאַל מיט בענזין און צינדט אים אָן... אין קרוגליאַקאָווס אויערן קלינגען נאָך אָפּ די האַרצרייסנדיקע געשרייען פון די לעבעדיק־פאַרברענטע, אים אַזוי טייערע נפשות... צי האָט געקענט דער געוויין פון אָט דעם פאַרברעכערישן דייטש פאַרטויבן יענע פאַרצווייפלטע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דעם ברענענדיקן שטאַל? אין דעם מערדער, וואָס מיר האָבן איצט געהאַט אין אונדזערע הענט, האָבן מיר געזען אַ פאַרקערפּערונג פון דעם אַלעם בזן, וואָס די מענטשהייט האָט געליטן, פון דעם פאַרברעכערישן נאַצי. אין דעם געלן דייטש האָבן מיר געזען די אַלע דייטשע מערדערס, וועלכע האָבן מיט אַזאַ קאַלטער אויסרעכענונג, מיט אַזאַ פּרעציזיע, אויסגעפירט זייערע גרויזאַמע טאַטן, און מיט אַן איראָנישן שמייכל געקוקט אויף די ליידן פון זייערע קרבנות. אין דעם מאָמענט האָבן מיר געוואָלט, אַז דער ראָבערט ליטקע זאָל כאָטש טיילווייז פילן דאָס, וואָס עס האָבן געפילט די, דורך די אַלע „ראָבערטס" דערשאָסענע, פאַרברענטע, פאַרגאַזטע און געשענדעטע אומשולדיקע קרבנות.

איך האָב אַרויסגענומען פון מיין „פּלאַנשעט" דאָס מעסער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דעם שפּליטער פון דער מינע און וועלכעס איך האָב שטענדיק מיט זיך געטראָגן און באַפוילן ראָבערטן אויפצושטיין.

— דאָס מעסער — האָב איך געזאָגט, וויזנדיק עס ראָבערטן — מיט דעם טעווטאָנישן קרייץ איז דורך אַ דייטשן שמיד אויסגעשמידט געוואָרן, פון אַ שפּליטער פון אַ דייטשער מינע, וועלכע האָט מיר געזאָלט ברענגען דעם טויט. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז

אַט דאָס דורכאויס דייטשע מעסער זאָל דינען אויף אויסצומעסטן די גערעכטיקייט אַ דייטשן מערדער...

אין אַ שעה אַרום זענען איך, עוואַ און קרוגליאַקאָוו צוריקגעגאַנגען מיטן זעלבן וועג. מיר האָבן נישט גערעדט צווישן זיך. יעדער איז געווען פאַרטיפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען און זכרונות. מיר האָבן אָבער אַלע געפילט און דאָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אַלעמענס בליקן, אַז מיר האָבן אָפּגעטאָן אַ גערעכטע זאַך...

# סאניא

## קאפיטל 1

### דער איבערפאַל

שוין אַ לענגערע צייט האָבן מיר פּלאַנירט צו מאַכן אַן איבערפאַל אויף דעם שטעטל ראָזוואַזשעוו, וואָס האָט זיך געפונען אין דער וואַלדיקער געגנט, צווישן זשיטאָמירער און קיעווער „אָבלאַסט". אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, ביי דעם פּאַרטיזאַנישן פייער, האָבן מיר באַטראַכט אַלע איינצלהייטן פון דער דאָזיקער, גאַנץ־ריזיקאַלישער אָפּעראַציע. דעם גענויעם פּלאַן פון שטעטל האָט אונדז אָנגעצייכנט איינער פון די צוויי, פריש־צוגעקומענע פּאַרטיזאַנער, — איינוווינער פון ראָזשאַזשעוו. זיי האָבן אונדז אויך אינפאָרמירט וועגן דעם, אויף וועלכע גאַסן עס געפינען זיך די דייטשע אמטן, וועגן דער צאָל און דאָס אָרט ווו עס זענען „איינגעקוואַרטירט" מיליטערישע איינהייטן, ווי אויך וועגן די באַקוועמסטע אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען פון שטעטל. מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן דעם איבערפאַל אין דער נאַכט פון 31־טן דעצעמבער 1942, אויף דעם ערשטן יאַנואַר 1943, און דאָס, נאָך האַלבער נאַכט. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס מיליטער און זייערע אָנפירער וועלן זיין פאַרנומען מיט דעם באַגעגענען דאָס נייע יאָר און דעריבער וועט די וואַכזאַמקייט זיין אָפּגעשוואַכט. ביי דעם איבערפאַל האָבן מיר געהאָפט צו שאַפן זיך אַ זאַפּאַס פּראָוויאַנט, מיט וועלכן, לויט אונדזערע ידיעות, זענען פול געווען די סקלאַדעס אין ראָזוואַזשעוו, און די הויפּטזאַך, באַקומען פעלצן און קאָלדרעס, אין וועלכע מיר האָבן זיך גענויטיקט, ווייל די פרעסט האָבן שוין דערגרייכט ביז 25 גראַד.

פאַר האַלבער נאַכט זענען מיר שוין געווען הינטער דעם שטעטל און זיך אָפּגערוט נאָך דעם 20־קילאָמעטערדיקן מאַרש איבער די פאַרשאָטענע מיט שניי וואַלד־וועגן.

די נאַכט איז געווען, לויט דעם פּאַרטיזאַנישן באַגריף, זייער אַ געלונגענע. הויפנס מיט שניי זענען געפאַלן פון די נידעריקע בלייענע וואָלקנס, וואָס זענען ווי געהאַנגען איבער די קעפּ, און האָבן איינגע־וויקלט אַלץ אַרום אין אַ גרויען שלייער. אַ שאַרפער מזרח־ווינט האָט אָן אויפהער געבלאָזן מיט אַ ווילדן פייף, וואָס האָט צייטנווייז דערמאָנט דאָס וואָיען פון וועלף און צייטנווייז דאָס וויינען פון אַ קינד.

דער גאַנצער דערפאָלג פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע איז געווען אָפּהענגיק פון דער שנעליקייט, מיט וועלכער זי וועט ווערן דורכ־געפירט. צוליב דעם האָב איך צעטיילט מיין אָפּטיילונג אויף עטלעכע גרופּעס מיט באַזונדערע אויפגאַבעס, וועלכע האָבן באַדאַרפט, לויט אַ באַשטימטן צייכן, איינציייטיק זיך אַריינרייסן אין שטעטל. פּונקט איינס אַזייגער האָב איך געגעבן דעם סיגנאַל אויף אָנהויבן דעם אָנגריף. איין גרופּע איז צוגעגאַנגען צו דער געבידע, וווּ עס האָט זיך געפונען די אוקראַינער פּאָליציי און אַריינגעוואָרפן עטלעכע גראַנאַטן אין דעם העל־באַלויכטענעם זאַל מיט די געדעקטע טישן, וווּ די פּאָליציאַנטן האָבן געגעסן און געטרונקען. עס איז געוואָרן צווישן זיי אַ גרויסע בהלה, וועלכע האָט זיך נאָך מערער פאַרגרע־סערט, ווען די, וואָס זענען אַרויסגעלאָפן פון דער געבידע, זענען געוואָרן באַגעגנט מיט די פּאַרטיזאַנישע קוילן און געווען געצוווּנגען זיך צוריק אומקערן.

אין עטלעכע מינוטן האָבן זיך די פּאָליציאַנטן אונטערגעגעבן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי אַנטוואָפנט און דעם נאַטשאַלניק מיט זיינע געהילפן געבונדן און מיטגענומען מיט זיך. אַ צווייטע גרופּע, די אַזוי־גערופענע „קאָמאַנדאַ סוויאַזי“ (פאַרבינדונגס־קאָמאַנדע), האָט באַזעצט די פּאָסט, וווּ זי האָט צעבראָכן אַלע איינריכטונגען און איבערגעריסן אַלע טעלעפאָן־ און טעלעגראַף־דראָטן. אַזוי אַרום איז ראָזוואַזשעוו געוואָרן אָפּגעשניטן פון דער אַרומיקער וועלט און

עס איז צעשטערט געוואָרן דאָס אינערלעכע פאַרבינדונג צווישן אײן אַמט און דעם צווייטן.

אַ דריטע גרופּע האָט אַרומגערינגלט די געבײדע פון שול, אין װעלכער עס האָט זיך געפונען דער דײַטשער גאַרניזאָן, וואָס האָט געציילט ביז 200 מאַן.

די דאָזיקע גרופּע האָט באַקומען אַ באַפעל בלויז פאַרבלאָקירן די געבײדע און נישט דערלאָזן, אַז די דאָזיקע דײַטשן זאָלן קומען צו־הילף דער זשאַנדאַרמעריע.

די שװערסטע אויפגאַבע האָט געהאַט די פערטע גרופּע, װעלכע האָט געדאַרפט ליקווידירן די זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז געווען באַוואָפנט און האָט זיך געפונען אין די געמויערטע געבײדעס פון אַ קירכע, װעלכע איז נאָך דערצו געווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער שטיינערנער וואַנט.

נאָך אַ פאַרביסענעם קאַמף, וואָס האָט געדויערט אַריבער אַ האַלבער שעה, איז דאָך נישט געלונגען זיך אַרײַנצובאַקומען אויף דעם הויף פון דער קירכע. אויף דעם טורעם און אויף די דעכער פון די געבײדעס האָבן די זשאַנדאַרמען אײַנגעאָרדנט קוילנוואַרפערס און האָבן יעדער פּאַרטיזאַנישע אַטאַקע אָפּגעשטויסן. דאַן האָט דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע אונטערגעלייגט צווי מינעס אונטער דער שטײנערנער וואַנט און זי אויפגעריסן. אויסנוצנדיק די פּאַניק, וואָס איז געוואָרן בשעת דעם אויפרײַס, זענען די פּאַרטיזאַנער אַרײַן דורך דער רואינירטער וואַנט אינעווייניק און אָנגעהויבן אַ פאָרמעלע רייניקונג. זייער ווייניק זשאַנדאַרמען איז געלונגען זיך צו ראַטעווען, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די קעלערס, אָדער אַנטלויפנדיק אין דער פינצטערניש.

אין דער זעלבער צײַט האָט דער „כאָזוואָד״ (װירטשאַפט־גרופּע) אויסגעליידיקט דעם מיליטערישן אַפּטייק פון מעדיקאַמענטן, אין װעלכער מיר האָבן געפונען אַ שטענדיקן מאַנגל און אַדורכגעגנישטערט די סקלאַדעס, װעלכע זענען געווען פול מיט מעל, פאַרפרוירן חזיר־פלייש, טאַבאַק און אַפילו פראַנצויזישן וויין. ווען מײַנע גרופּעס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויספירן זייערע אויפגאַבעס, בין איך מיט נאָך 10 פּאַרטיזאַנער, צווישן װעלכע עס איז געווען

אויך איינער פון די ראַזוואַזשעווער חברה, זיך דערנענטערט צו דער פּריוואַטער וווינונג פון אָרט־קאָמענדאַנט, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ זייטיק געסל נישט ווייט פון פּאָסטאַמט. איך בין געווען זי־כער, אַז אין אַזאַ פייערלעכער נאַכט, דאַרף דער קאָמענדאַנט געוויס פאַרברענגען ביי זיך אין וווינונג מיט נאָך אָפיצירן.

דער שניי־שטורעם האָט זיך נאָך האַלבער נאַכט צעשפּילט מיט אַזאַ קראַפט, און דער ווינט האָט אַזוי געוואָיעט, אַז ער האָט פאַר־הילכט דאָס שיסן פון די ביקסן, דאָס אויפרייסן פון גראַנאַטן און בכלל דעם גאַנצן אָפּקלאַנג פון די קאַמפן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט. גנבנהדיק זיך הינטער די ווענט פון די הייזער זענען מיר צוגעקומען צו דער וווינונג פון אָרט־קאָ־מענדאַנט. נעבן אַריינגאַנג איז געשטאַנען אויף דער וואַך אַ באַ־וואָפנטער דייטש. ווי אַ גרויסע לאַלקע האָט ער אויסגעזען אין דעם ברייטן פּעלץ מיט דעם אויפגעשטעלטן קאָלנער און מיט די אומגע־לומפּערטע גרויסע שטרויענע שטיוול אויף הילצערנע זוילן, וועלכע די דייטשן פלעגן טראָגן אויף דעם קאַלטן „אָסט־פראָנט“, שטייענ־דיק אויף דער וואַך. ווי פון דער ערד איז פּלוצים אויסגעוואַקסן פאַר דעם דייטש איינער פון מיינע פאַרטיזאַנער, און מיט איין געלונגע־נעם קלאַפּ מיט דער גראָבער זייט פון ביקס איבער דעם קאָפּ, אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט אַ טויטן. ווען איך האָב דורך דעם האַלב־פאַרפרוירענעם פענצטער אַריינגעקוקט אין דער וווינונג, האָב איך געזען זיצן נעבן אַ טיש, באַשטעלט מיט עסן און געטראַנקען, 9 אָפיצירן, מיט צעקנעפּלטע מונדירן און צעשטראַלטע פּנימער. דער צימער איז פול געווען מיט דעם רויך פון די גראָבע ציגאַרן, וואָס אַלע האָבן געראויכערט. די בליקן פון שיכורע אָפיצירן זענען געווען געווענדעט אויף אַ יונגער פרוי, וועלכע איז געשטאַנען אין מיטן צימער מיט אַ גיטאַרע אין דער האַנט און האָט מיט אַן אָנגענעמער שטימע געזונגען אַ רוסישן ראָמאַנס.

מיר האָבן אויפגעבראָכן די טיר, זיך אַריינגעריסן אין דער וווי־נונג און אָנגעהויבן שיסן אין די שיכורע אָפיצירן. דער איבערפאַל איז געווען אַזוי שנעל און אומדערוואַרטעט, אַז בלויז איין אָפיציר האָט באַוויזן אַרויסצוכאַפּן דעם פּיסטאָלעט און אויסשיסן אין אונ־

דזער ריכטונג, פאַרווונדערנדיק איינעם פון מיינע פּאַרטיזאַנער. נאָך באַלד איז ער אַ פאַל געטון אויף דעם דיל מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ. אין עטלעכע מינוטן זענען שוין אַלע אָפיצירן געווען טויט. אייניקע האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט אונטער דעם טיש און די איבעריקע זענען געבליבן זיצן מיט די קעפּ אַראָפּגעלאָזט אין די טעלערס מיט די געשמאַקע מאכלים. בשעת דער אַקציע איז די פרוי געשטאַנען אין מיטן צימער און אין אירע גרויסע בלאָע אויגן איז געווען גיכער אַן אויסדרוק פון פאַרווונדערונג ווי פון שרעק. זי איז געשטאַנען אָן באַוועגונג מיט דער גיטאַרע אין דער האַנט און האָט אויסגעזען ווי אַ סטאַטוע. בלויז ווען איינער פון מיינע פּאַרטיזאַנער האָט איר אַ כאַפּ געטון פאַר דער האַנט און האַסטיק אַ טרייסל געטון, איז זי אַרויס פון דער פאַרגליווערונג און אַ זאָג געטון מיט אַ רואיקן טאָן אויף רוסיש:

— און ענדלעך זענט איר געקומען.

— ביסט אַ רוסישע — האָט אויסגעשריגן דער זעלבער פּאַרטיזאַנער, — אַך, דו „סוקינאַ דאָטש" (הינטישע טאָכטער), דו הורליעסט מיט די שונאים פון אונדזער פאָטערלאַנד, דו אויסגעלאַסענע. שטעל זיך צו דער וואַנט, דו ווערסט דערשאָסן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די גיטאַרע אויף דעם דיל, און פאַרלייגנדיק די הענט אויף דער ברוסט געקוקט אויף די פּאַרטיזאַנער.

— שיסט מיר, טייערע, שיסט מיר — האָט זי שטיל געזאָגט, — איך בין ווערט דעם טויט, — און צוויי טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פון אירע אויגן. דער פּאַרטיזאַנער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיט דעם פּיסטאָלעט. אין דעם מאָמענט איז אַריינגעגאַנגען אין דעם צימער דער פּאַרטיזאַנער סאַשאַ יאַקימטשוק און מיר געמאָלדן, אַז די ווירטשאַפט-גרופּע האָט אַנטדעקט אַ גרויסן סקלאַד מיט לעדער און אים געשיקט מיך פרעגן, צי זאָלן זיי דעם סקלאַד פאַרניכטן, צי אָנלאָדן דאָס לעדער אויף די וואָגנס, בכדי מיטצונעמען אין לאַגער. דערזעענדיק די פרוי, איז ער אַ פאַרווונדערטער צו איר צוגעלאָפן און דריקנדיק איר האַנט אויסגעשריגן:

— סאָניאַ, וואָס טוסטו דאָ?

— סאַשאַ, ריר מיך נישט אָן, איך בין אַ זינדיקע. מען דאַרף

מיך שיסן, — האָט געזאָגט די פרוי, אַרויסציענדיק איר האַנט פון סאַשען, און ווענדנדיק זיך צו דעם פּאַרטיזאַנער מיט דעם פּיסטאָ־לעט, צוגעגעבן:

— נו, פאַרוואָס שיסט איר מיך נישט?

—דו קענסט אָט די דייטשע זונה? — האָב איך אַ פרעג געטון סאַשען.

— זי איז נישט קיין זונה, זי איז אַן אָנשטענדיקע פרוי, איך גאַראַנטיר פאַר איר. ריאַריאַ מישאַ, מיר קענען זיך שוין פון עטלעכע יאָר, זי איז די פרוי פון מיין בעסטן חבר, וואַסיאַ זאָרין, אַן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי.

— איצט איז נישטאָ קיין צייט זיך צו פאַרנעמען מיט איר — האָב איך געזאָגט, — בינדט זי און מיר וועלן זי מיטנעמען אין לאַגער, דאָרט וועלן מיר די זאַך אויפקלערן.

## קאַפּיטל 2

### אין נייעם לאַגער

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, זענען מיר שוין געווען ווייט פון ראָזוואַזשעוו. אַרויסלאָזנדיק קנוילן פּאַרע פון די אָנגעבלאָזענע נאָז־לעכער, האָבן די זאַטע פאַרטיזאַנישע פערדלעך געשלעפּט איבער דעם פאַרשאָטענעם מיט שניי, וואַלד־וועג, די אָנגעלאָדענע מיט כּל־טוב שליטנס. די פּאַרטיזאַנער זענען געלאָפן ביי דער זייט, צוהאַלטנ־דיק זיך מיט איין האַנט ביים שליטן. און נישט קוקנדיק אויף דעם שטאַרקן פראָסט, וואָס האָט דורכגעדרונגען דורך די נישט איבעריק־װאַרעמע מלבושים, האָבן זיי זיך געוויצלט און געלאַכט. די שטי־מונג איז ביי אַלע געווען אַ גוטע, ווייל דער איבערפאַל איז געווען אין אַלע הינזיכטן אַ געלונגענער. כמעט אָן קרבנות, אויב נישט רעכענען די 4 פאַרוואונדעטע פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען געלעגן אויף צוויי שליטנס, איינגעדעקט מיט דייטשע פעלצן, איז אונדז געלונגען צו פאַרניכטן אַ גרויסע צאָל דייטשן און צונעמען פיל טראָ־פייען. אויף דער צווייטער נאַכט זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ

געדיכטן סאָסנע־וואַלד, ווו מיר האָבן באַשלאָסן איינצואָרדענען אונדזער לאַגער און אַ פּאָר וואָכן זיצן שטיל, ביז די דייטשן וועלן זיך באַרואיקן נאָך זייער ראַזוואַזשאַווער מפּלה. דער שניי, וואָס האָט אָן אויפהער געשאָטן, און די עטלעכע צענדליק קילאָמעטער, וואָס האָט אונדז אָפּגעטיילט פון ראַזוואַשעוו, האָט אונדז געגעבן די פולע גאַראַנטיע, אַז מיר וועלן קענען דאָ אין דעם ווילדן ווינקל, רואיק געניסן פון די פרוכטן פון אונדזער אַרבעט, ד. ה. עסן און שלאָפן ביז צו זאַט און פּלאַנעווען אַ פרישן שטיקל אַרבעט.

מיר זענען באַלד צוגעטרעטן גראָבן אין דעם פאַרפרוירענעם גרונט אַ גענוגנדיקע צאָל ברונעמס און „בויען" „קאַיבאַשען" פאַר אַלע פּאַרטיזאַנער. אַ „קאַיבאַש" האָט געהייסן אויף אונדזער לשון, אַ צעלט, אויסגעפלאָכטן פון סאָסנע, אָדער בערעזענער צווייגלעך און באַדעקט מיט אַ גראָבן שיכט היי, און אויב עס איז נישט געווען אין דער געגנט קיין היי, פלעגט מען אים אַרומלייגן מיט פּאַראַיאַ־ריקע טרוקענע בלעטער, אָדער מיט מאָך. אונטערן לאַגער האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ גרעסערן באַקוועמערן „קאַיבאַש", — דעם אַזוי גערופענעם שטאַב.

ווען אַלץ איז שוין געווען איינגעאָרדנט, האָב איך באַפוילן אַריינפירן אין שטאַב די רוסישע פרוי, וואָס מיר האָבן געטראָפן אין דער וווינונג פון ראַזוואַזשעווער קאָמענדאַנט. איך האָב איינגעלאַדן אויף בייזיין בשעת דעם פאַרהער, אויסער דעם נאַטשאַלניק פון שטאַב און מיין זון, אויך די פּאַרטיזאַנערינס אַנדראָסאָווא און סאַשאַ יאַקימטשוק, אונטער וועמענס אויפזיכט די פרוי האָט זיך די עטלע־כע טעג געפונען. מיר האָבן זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט אויף די קלעצלעך, וואָס זענען געלעגן אַרום דעם פריילעכן פּאַרטיזאַנישן „קאָסטיאָר" (פייער), און געוואַרט אויף דער פרוי.

עס איז אַריינגעקומען סאָניע. איך האָב איר פאָרגעלייגט זיך אַוועקזעצן. זי האָט געדאַנקט און זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף איינעם פון די קלעצלעך.

פון דעם מאָמענט, ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל געזען ביז איצט, האָט זי זיך שטאַרק פאַרענדערט. זי האָט אויסגעזען פיל על־טער און נידעריקער. זי איז געזעסן איינגעבויגן, ווי עפּעס אַ שווערע

לאַסט וואָלט זי געדריקט. איך האָב זי אַ לענגערע ווײַלע באַטראַכט. אירע גרויסע שײַנע אויגן אויף דעם בלאַסן געזיכט, מיט די בלאָנדע רעמלעך אַרום, וועלכע האָבן זי געמאַכט נאָך גרעסער, האָבן געקוקט אויף דעם פֿײַער מיט אַן אויסדרוק פֿון אומבאַגרענצטן טרויער. די אונטערשטע ליפּ האָט בײַ איר יעדעס מאָל נערוועז אַ ציטער געטון ווי בײַ אַ קליין קינד, ווען עס קלײַבט זיך צו וויינען. קוקנדיק אויף דער דאָזיקער פֿרוי, וועלכע איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אײַנגעבראָכנקייט און רעזיגנאַציע, האָט זיך נישט געגלוסט גלויבן, אַז זי האָט געקענט אויף אַזאַ שענדלעכן אופֿן פֿאַראַטן איר פֿאָלק און לאַנד.

דערציייל אונדז, וואָס האָט דיך געבונדן מיט די דײַטשע מערדערס? — האָב איך זי געפֿרעגט. זי האָט אַ ציטער געטון, ווי זי וואָלט זיך פֿון שלאָף אויפֿגעכאַפּט און שטיל געזאָגט:

— איך ווייס, איך בין אַ גרויס פֿאַרברעכן באַגאַנגען, נאָר אײידער איר וועט מיר די שטראָף אויסמעסטן, טאָ הערט אויס מײַן לעבנס־געשיכטע, פֿון וועלכער איר וועט זיך דערוויסן, ווי אַזוי אַן אָנשטענדיקע פֿרוי, וועלכע האָט ליב געהאַט איר מאַן, אַן איבערגעגעבענע מוטער פֿון איר קינד, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דײַטשער פּראָסטיטוטקע. דערלויבט מיר פֿאַר אײַך, גוטע מענטשן, אויפֿעפֿענען מײַן האַרץ און שילדערן די שוידערלעכע טראַגעדיע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט און וועלכע האָט מיך דערפֿירט צו מײַן שרעקלעכער זינד און דאַן וועל איך מיט אַ רויִקן געמיט אָננעמען די שטראָף, וועלכע איך האָב פֿאַרדינט.

## קאַפּיטל 3

## סאָניעס קינדער־יאָרן

אין שטעטל קאָראָסטישעוו, זשיטאָמירער אָבלאַסט, איז אויף איינער פֿון די שמאָלע ייִדישע געסלעך געשטאַנען די הייזקע פֿון בערל דעם שניידער. ווי אַן אָאַזיס, האָט אויסגעזען צווישן די אַלטע פֿאַרנאַכלעסיקטע געבײַדעס, דאָס דאָזיקע הויז, מיט די שטענדיק

פריש־געקאַלכטע ווענט, מיט די אויף גרין געפאַרבטע פענצטערלעך, מיט דעם ריינעם הויפל אַרום דעם הויז, אויף וועלכן עס איז גע־וואקסן אַן אַלטער באַרן־בוים. די גראָבע, ברייט־צעוואָרפענע צווייגן פון דעם בוים האָבן, ווי מיט אַ גרינעם צודעק, זיך געצויגן איבער דעם דאַך און געוואָרפן אַן אָנגענעמען שאָטן אויף דעם גאַנצן הויף. מיט רואיקייט האָט געאָטעמט פון דעם דאָזיקן הויז, ווו מען האָט געקענט שטענדיק זען זיצן לעבן פענצטער אויף דעם טיש מיט די פיס אונטער זיך, בערלען דעם שניידער און נייען פון גראָבן פויערישן געוואַנט אַ „קאַפטאַן", אָדער פון קאָלירטן ביליקן שטאָף, אַ געפאַל־דעוועטע ברייטע ספּודניצע. מיט דער ברייטער, שוואַרצער באָרד, אין וועלכער עס זענען געווען ווי ספּעציעל איינגעפלאָכטן צוויי פּאַסן גרויע האָר, מיט דער סאַמעטענער יאַרמולקע אויף דעם שפּיץ קאָפּ, מיט די אַלט־מאָדישע זילבערנעברילן אויף דער דינער נאָז און מיט דעם שטענדיקן גוטמוטיקן שמייכל אויף דעם איידעלן געזיכט, האָט בערל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש, וועלכער איז פולקאָם צופרידן פון זיין גורל און האָט נישט קיינע טענות צום רבונו של עולם. און בערל האָט זיך טאַקע קיינמאָל אויף גאָרנישט נישט געקלאָגט. כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין פּרנסה ברייווח, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אריינטרעטן אין דעם אַרטעל, ווייל מען אַרבעט דאָרט אום שבת.

— מיין זיידע, מיין פאָטער האָבן נישט געאַרבעט אום שבת און איך וועל מיין גרויסע משפּחה אויך קענען שפּייזן, ווען איך וועל נישט מחלל שבת זיין.

דאָס וואָרט „גרויסע משפּחה" האָט ער געזאָגט מיט אַ ביטערער איראָניע, ווייל עס איז שוין פיל יאָרן אַוועק זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין ברכה'ן און זיי האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. אַזוי האָט ער געאַרבעט אַלס זעלבסטשטענדיקער בעל־מלאכה און האָט געקענט זיך אויסלעבן אין די טראַדיציעס פון זיינע עלטערן. קיין גרויסער פאַכמאַן איז ער נישט געווען, נאָר דאָך האָט ער צו־פרידנגעשטעלט זיינע קליענטן, וועלכע זענען מערסטן טייל געווען פויערים פון די אַרומיקע דערפער און האָבן נישט געהאַט קיין ספּע־ציעלע פּרעטענזיעס אויף שיק און אויף דער מאָדע.

זיי האָבן בלויז געפּאָדערט פון דעם שניידער, אַז דער מלבוש זאָל זיין גענוג לאַנג, גענוג ברייט און די הויפּטזאַך, אַז ער זאָל נישט פאַרנוצן צופיל שטאָף. בערל האָט די אַלע פּאָדערונגען ערלעך אויסגעפירט און צופרידן געשטעלט זיינע באַשטעלער. בערל מיט זיין פרוי ברכה האָבן זיך קעגנזייטיק געאַכטעט און געפירט אַ באַשיידן, שטיל לעבן. איין זאַך האָט זיי בלויז געקימערט, וואָס זיי האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. זייער איינציקע בקשה צו גאָט איז געווען ער זאָל זיי געבן אַ יורש. און ווען זיי האָבן אַלע האָפענונגען פאַרלוירן, איז ברכה פאַרגאַנגען אין טראָגן און געבוירן אַ מיידעלע. אַ קוואַל פון פרייד און גליק איז געוואָרן פאַר בערלען מיט זיין פרוי די נייגעבוירענע סאָניטשקע, אַ קוואַל פון וועלכן דאָס אויסגעדורשטע אַלט פּאָר־פאָלק האָט מיטן פול מויל געטרונקען. נאָך מיט מערער פליים און ענערגיע האָט בערל איצט געאַרבעט, כדי צו פאַרדינען נאָך אַ פּאָר רובל און האָבן די מעגלעכקייט צוצושטעלן וואָס מער פאַרגעניגן זיין פאַרגרעסערטע משפחה. סאָניטשקע איז געוואַקסן און זיך גוט אַנטוויקלט. זי איז געווען קלוג, באַשיידן און אומבאַגרענעצט איבערגעגעבן די עלטערן. זי האָט געענדיקט די אָנפאַנג־שולע און איז אַריינגעטראָגן אין אַ מיטל־שולע. ווי אַ חלום זענען איבערגעלאָפן די עטלעכע יאָר און אָנשטאָט די קליינע סאָניטשקע, איז שוין אַרומגעגאַנגען איבער די ריינע שטובן די שיינע, 18־יאָריקע סאָניע.

צוזאַמען מיט די חברטעס, פלעגן שוין אין די שיינע זומערווונטן קומען צום שניידער אין הויז יונגע בחורימלעך און ביז האַלבער נאַכט פלעגן זיי פאַרברענגען הינטער דעם אַלטן באַרן־בוים. סאָניע האָט אַלע באַצויבערט מיט איר הויכער, שיינער פיגור און מיט איר זינגען אוקראַינישע לידער, אַקאָמפּאַנירנדיק זיך אַליין אויף דער גיטאַרע. די מוטער פלעגט מיט שטאָלץ קוקן אויף איר גראָטן טעכטערל און שטיל אַ זאָג טון צו בערלען:

— נאָך אַ יאָר, און אונדזער פייגעלע וועט פאַרלאָזן די נעסט און מיר וועלן ווידער בלייבן „דיעד דאַ באַבאַ" (זיידע און באָבע). — און אַ שטילע טרער פלעגט זיך אַראָפּקייקלען אויף איר צעקנייטשטן געזיכט.

סאָניע האָט אין יאָר 1937 געענדיקט די מיטל־שולע און זיך גע־

קליבן אויף דעם צווייטן יאָר פאַרן קיין זשיטאָמיר פאַרזעצן איר שטודיום אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, ווייל איר טרוים איז געווען צו ווערן אַ לערערין. די מוטער האָט דעם גאַנצן זומער געטרוקנט אויבסט און געפּרעגלט קאָנפיטירן אויף מיטצוגעבן סאָניען קיין זשי־טאָמיר און מיט טרויער געטראַכט וועגן דעם, אַז זי וועט אַזויפיל חדשים נישט זען איר בת־יחידקע.

## קאַפּיטל 4

## וואַסיאַ זאָרין

אין פרילינג פון יאָר 1937, איז געקומען און אין דער געגנט פון קאַראָסטישעוו אויף „מאַנעווורעס“ (איבונגען) אַ פּיעכאָטנער פּולק פון קיעוו. די זעלנער האָבן זיך געפונען אין צעלטן אויף די פעלדער הינטערן שטעטל און דער שטאַב האָט זיך איינגעאָרדנט אין דער גרויסער געביידע פון דעם שטאָט־ראַט. די שטאַב־אָפיצירן האָט מען צעשיקט אין די אָרומיקע הייזער. איינעם פון די דאָזיקע אָפיצירן האָט מען אויך איינגעאָרדנט ביי בערל שניידער. באַזונדערס צו־פרידן איז בערל נישט געווען, ווען דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט איז אין איינעם אַ פרילינגס־פרימאָרגן געקומען צו אים, אין דער באַגלייטונג פון אַ בלאָנדן רוס אין דער אוניפאָרם פון אַ לייטענאַנט.

— איר מוזט אָפּטרעטן אַ צימער פאַר אָט דעם אָפיציר — האָט געזאָגט דער פאָרזיצער — באַמיט זיך צו שאַפן פאַר אים אַלע באַ־קוועמלעכקייטן, ער זאָל פילן די גאַסטפריינטלעכקייט פון אונדזערע קאַראָסטישעווער בירגער.

— מען רופט מיך וואַסיאַ זאָרין — האָט זיך פאָרגעשטעלט דער אָפיציר, אַ קלאַפּ געבנדיק מיט די קנאָפּל פון די גלאַנצנדיקע שטיוול און דריקנדיק די האַנט בערלען און ברכה'ן — איך האָף, אַז מיין אָנוועזנהייט אין אייער וווינונג וועט אייך נישט פאַלן צו לאַסט און מיר וועלן זיין גוטע פריינט.

בערל האָט געקענט די אָפיצירן פון דער צארישער אַרמיי, וועלכע זענען געווען באַוווסט אַלס טרינקערס, שלעגערס און אויסגעלאַסענע,

וואָס האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט שכרות און זנות און דערמיט האָט זיך דערקלערט זיין אומצופרידנקייט. נאָר קעגנשטעלן זיך דעם באַפעל פון דער מאַכט האָט ער נישט געקענט און נאָך אַ קורצער בעראַטונג מיט דער פרוי, האָבן זיי באַשלאָסן אָפּגעבן אויף די פאָר חדשים צו דער דיספּאָזיציע פון דעם אָפיציר סאָניעס צימער. ווען דער יונגער אָפיציר מיט די גוטמוטיקע, בלויע אויגן און מיט דעם קינדערשן שמייכל אויף דעם פאַרויטלטן געזיכט, האָט דערזען דעם קליינעם צימער מיט די ווייסע פאָרהענגלעך, מיט די פיל אויסגעהאַפּטענע סערוועטקעס אויף די ווענט און מיט דעם בוקעט „טשערעמוכע" אויף דעם טישל, האָט ער אויסגעשריגן מיט אַנטציקונג:

— ווי הערלעך, ווי ריין דאָ איז — אינגאַנצן ווי ביי מיר אינדערהיים.

ווען סאָניאַ, וועלכע איז נישט געווען, ווען דער נייער שכן איז געקומען, איז אַריינגעגאַנגען אין הויז און האָט צום ערשטן מאָל געטראָפן זיך מיט זאָרינען, האָבן זיי זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, נישט דרייסט זיך דערלאַנגט די הענט און סאָניע האָט זיך שטאַרק פאַררויטלט.

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב זיך אַריינגעריסן אין אייער הייליקן ווינקל — האָט זאָרין געזאָגט מיט אַן אָנגענעמער שטימע — איך וועל זיך באַמיען, אַז אַלץ זאָל דאָ בלייבן אין דעם זעלבן צושטאַנד, ווי איך האָב דאָ געטראָפן.

אינגיכן האָט בערל געביטן די מיינונג וועגן זיין שכן, וועלכער פלעגט בלויז קומען אַהיים אין אָוונט און ביז האַלבער נאַכט לייענען ביכער אָדער שרייבן, אַזוי דאָס מען האָט גאָרנישט געפילט, אַז עס איז פאַראַן אַ פרעמדער מענטש אין הויז. ווען ער האָט עפּעס באַדאַרפט, האָט ער דאָס געבעטן מיט אַזאַ שעמעוודיקן טאָן און נאָכדעם אַזוי געדאַנקט, אַז ברכה איז געווען ממש גערירט פון זיין העפלעכקייט. מיט דער צייט האָט מען זיך אַזוי צוגעוווינט איינער צום צווייטן, אַז מען האָט שוין זאָרינען באַהאַנדלט ווי אַ בן־בית: ברכה האָט אים פרייטיק מכבד געווען מיט אַן אָנגעפעפערט יידיש שטיקל פיש, וואָס האָט אים זייער געשמעקט; אין אָוונט האָט אים סאָניע אַרויסגערופן צו אירע חברים און חברטעס, וועלכע האָבן זיך פאַר־

ווײַלט אונטערן בארענבוים, ווו ער האָט בײַ אַלע אויסגענומען מיט זײַן הערלעכער מענער־שטימע און מיט דעם דערציילן קאָמישע עפּי־זאָדן פון מיליטערישן לעבן.

## קאַפּיטל 5

## די ערשטע ליבע

קאַראַסטישעוו האָט אין דער צײַט פון די מאַנעווערס „אויפגע־לעבט": איבער געסלעך האָבן זיך געטראָגן מיליטערישע אויטאָס. אויף די הילצערנע „קלאַדקעס", וואָס האָבן געדינט אַלס טראָטואַרן זענען אַרומגעגאַנגען אָפיצערן און סאָלדאַטן אין די אײַנגעצויגענע מיט פּאַסקעס זומערדיקע כאַקע־בלוזעס און געוואָרפן פרײַנטלעכע בליקן אויף די פרויען, וואָס זיי האָבן באַגעגנט. עס האָט זיך פאַר־בונדן באַקאַנטשאַפטן צווישן די מיליטער־לײַט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג. דערצו האָט אין אַ גרויסער מאָס צוגעהאָלפן די קאָנ־צערטן, וועלכע זענען פאָרגעקומען יעדן זונטיק נאָכמיטאָג אויף דעם פרײַען פּלאַץ פאַר דעם שטאָט־ראַט. אונטער די קלאַנגען פון מי־ליטערישן אָרקעסטער, האָט זיך די באַפעלקערונג געווײַלט ביז האַל־בער נאַכט. סאָניע מיט אירע חברטעס פלעגן אויך קומען אויף די דאָזיקע „פאָלקס־פאַרווײַלונגען" און טאַנצן מיט די זייער עלעגאַנטע און העפלעכע מיליטער־לײַט. צום בעסטן האָט סאָניאַ געטאַנצט מיט זאַרינען, וועלכער האָט זיך גערעכנט אַלס איר סטאַבילער „קאַוואַ־ליער". אַהיים פלעגן זיי אויך גיין צוזאַמען און פאַר דעם צעשיידן זיך לעבן אַרײַנגאַנג אין הויז, זענען זיי נאָך אַ לענגערע צײַט גע־שטאַנען און זיך געטיילט מיט די אײַנדרוקן פון דעם פריילעך פאַר־בראַכטן אָוונט.

מיט לאַנגזאַמע שריט האָט אײַנמאָל סאָניע מיט וואַסיאַ זאָרין זיך אומגעקערט פון אַזאַ פאַרווײַלונג. עס איז געווען איינע פון די וווּנדערבאַרע נעכט, וועלכע זענען אויף וואָלין אין ענדע פרילינג. דער טיפער הימל מיט די מיליאַרדן פינקעלנדיקע שטערן האָט אויס־געזען ווי אַ טונקל־בלאָער טעפּיך, באַשאָטן מיט בריליאַנטן. די בוי־

מער, וועלכע האָבן נאָך נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם צווייט און אויסגעזען ווי צניעותדיקע כלות אין זייערע חופּה־קליידער, האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ שטאַרקן דופט, וואָס האָט ממש פאַרשי־כורט. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט די געזאַנגען פון נאַכטיגאַלן, וועלכע האָבן געוואָלט איינער דעם צווייטן איבערשטייגן מיט דער שטאַרקייט און קינסטלערישקייט פון לעצטן טרעל. די ווייכע שיין פון דער לבנה האָט איינגעוויקלט די גאַנצע וועלט אין אַ פאַנטאַס־טישן שלייער. ערגעץ פון ווייטן האָט זיך געטראָגן אַ פרויען־שטימע, וואָס האָט געזונגען איינע פון די לירישע אוקראַינישע לידער, אין וועלכע עס האָט זיך געפילט אַזויפיל בענקשאַפט און ליבע. שטאַרק לאַנגזאַם האָבן זיך סאָניאַ מיט וואַסיען דערנענטערט צום הויז, ווי עס וואָלט זיך זיי געגליסט, אַז דער וועג זאָל זיך אַזוי גיך נישט ענדיקן.

— ווי שיין איז עס אויף דער וועלט — האָט נאָך אַ לענגערע פּויזע געזאָגט וואַסיאַ — די וווּנדערבאַרסטע צייט איז פרילינג, ווען די נאַטור וואַכט אויף פון איר ווינטער־שלאָף צו אַ ניי לעבן. דעם דאָזיקן צייטראַפּשניט האָב איך שטענדיק ליב געהאַט, נאָר היינטי־קער פרילינג ווירקט אויף מיר עפּעס באַזונדער שטאַרק. עס דאַכט זיך מיר, אַז צוזאַמען מיט דער אויפוואַכונג פון דער נאַטור, וואַכט אויך אויף אין מיין האַרצן עפּעס אַ ניי גרויס געפיל. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך באַקום פליגל, אויף וועלכע איך פלי אַוועק אין אַ נייער וועלט, וווּ אַלץ איז אַזוי שיין, און עס גלוסט זיך, אַז דער דאָזיקער פרילינג, וואָס בליט יעצט אין מיין האַרצן, זאָל דויערן אייביק, זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

ווען זיי זענען שוין אַריין אין דעם קליינעם הויף, האָט וואַסיאַ אָנגענומען צאַרט סאָניעס האַנט און אַריינקוקנדיק אין אירע שיינע אויגן, שטיל געזאָגט:

— סאָניעטשקאַ, לאָמיר נאָך נישט אַריינגיין אין שטוב, לאָמיר נאָך בלייבן אַ ביסל אונטער דעם שיינעם אויסגעשטערנטן דאַך, און איינזאַפּטן אין זיך די שיינקייט פון דער נאַטור און דעם פרילינג, וועלכער וועט גיך פאַרשווינדן.

און נישט אַרויסלאָזנדיק איר האַנט פון זיינער, האָט ער אָנגע־הויבן שטיל זינגען דאָס אַלטע רוסישע ליד:

קינד מיינס, זוך נישט אין פרילינג קיין רויזן,
רויזן זענען זומער אויך דאָ.
אין די ערשטע טעג פרילינג, קלייב בלויז פיאַלקעס,
געדענק, אַז אין זומער זענען קיין פיאַלקעס נישטאָ...

סאָניאַ האָט געהאַלטן איר קליין הענטל אין זיין מענערישער שטאַרקער האַנט און האָט געפילט ווי דורך דער באַרירונג שטראָמט אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט אַריין אין איר קערפער. די וואַרעמקייט צעגיסט זיך איבער אַלע אברים און מאַכט שטאַרקער קלאַפּן דאָס האַרץ. און ווי דערשראָקן פון דער דאַזיקער נאָענטקייט, וואָס זי האָט פּלוצים דערפילט צו אָט דעם שיינעם בלאָנדן רוס, האָט זי אַרויס־געכאַפּט איר האַנט פון זיינער און שטיל געזאָגט:

— קום, וואַסיאַ, אַריין אין שטוב. די מאַמע וועט זיין אומרואיק.

— קימער זיך נישט, טייערינקע, די עלטערן שלאָפן שוין. בלייב נאָך דאָ מיט מיר אַ ווײַלע, איך האָב שוין אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דעם מאָמענט. איך האָב שוין פון לאַנג געוואָלט פאַר דיר עפענען מיין האַרץ און דיר דערציילן וועגן מיין שטאַרקער ליבע, וואָס איך פיל צו דיר פון דעם ערשטן מאָמענט ווען איך האָב דיך נאָר דער־קענט.

ער האָט איר גענומען אונטער דעם אָרעם, און זי אַוועקגעפירט צו דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם באַרענבוים. סאָניאַ האָט זיך נישט געוועהרט און געהאָרכזאַם זיך אַוועקגעזעצט. זיין ווייכע, אָנגענעמע שטים, אין וועלכער עס האָט זיך געפילט אַזוי פיל ליבשאַפט, האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ געמישט געפיל פון מיט־לייד און פריינטשאַפט. וואַסיאַ האָט איר דערציילט וועגן זיינע קינ־דער־יאָרן, וועגן זיין פאָטער, וואָס איז אומגעקומען אין די קאַמפן מיט דעניקינען, וועגן זיין גוטער מוטער, וואָס וווינט אין קיעוו און האָט אים אַליין דערצויגן און געגעבן בילדונג, וועגן דעם, אַז ער האָט נאָך קיין איין פרוי נישט געליבט און אַז סאָניעטשקאַ איז די ער־שטע, וואָס האָט ביי אים אַרויסגערופן אַזאַ שטאַרקן געפיל און אַז ער וועט זיין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, ווען זי

וועט אים נישט אָפּשטויסן פון זיך און אים געבן אַ ביסל האָפענונג.

סאָניאַ איז געזעסן מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זיך צוגע־הערט צו זיינע רייד, וועלכע האָבן ווי אַ הימלישע מוזיק אָפּגעקלונ־גען אין אירע אויערן און אריינגעדרונגען אין איר האַרצן, אין דעם האַרץ פון אַן 18־יאָריק געזונט מיידל, וועלכע האָט שוין געלעכצט נאָך ליבע. ער איז איר מיט יעדער מינוט געוואָרן אַלץ נאָענטער און ליבער און ווען ער האָט צוגעלייגט איר האַנט צו זיינע וואַרעמע ליפּן איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם אדורך דורך איר קערפּער. זי האָט דערפילט פּלוצלונג אַזאַ שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנקייט, אַז זי האָט זיך נישט געוועהרט, ווען ער האָט זי צוגעדריקט צו זיין האַרץ, ווען ער האָט אַנגענומען איר קאָפּ מיט זיינע הענט און זייערע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַ לאַנגן, הייסן קוש.

די לבנה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יענער זייט הויז און אַ מילד ווינטעלע האָט אַ בלאָז געטון, רוישנדיק מיט די בלעטער פון דעם אַלטן באַרנבוים. אויף מזרח האָט זיך באַוויזן אַ העל פּאַסיקל, — דער אָנזאָג פון גיכן זון־אויפגאַנג, און ערגעץ־ווייט, ווייט האָט אַרויסגעקרייט אַ האָן. באַלד האָט אים געענטפערט אַ צווייטער, אַ דריטער. און אויף דעם הימל, פּונקט אַנטקעגן דעם פּאַרליבטן פּאָר, האָט געשמייכלט דער מאָרגנשטערן.

— גאָט מיינער! ווי שפּעט עס איז שוין, די צווייטע האָנען האָבן שוין געקרייט — האָט סאָניאַ אויסגעשריגן דערשראָקן — קום שוין אריין אין שטוב!

לעבן דער טיר זענען זיי נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע און האַלטנ־דיק זיך ביי די הענט געקוקט איינער אויף דעם צווייטן מיט אויגן פול מיט ליבע, גליק און האָפענונג.

## קאַפּיטל 6

## דעם פּאַטערס קללה

יעדן אָוונט, ווען די חברים און חברטעס זענען אַהיימגעקומען, איז נאָך סאָניאַ מיט וואַסיען געבליבן זיצן אונטער דעם באַרן־בוים

און ווי צוויי טייבעלעך געגערדט און געזונגען וועגן זייער ליבע. דער רייִנער שטאַרקער געפיל, וואָס האָט צונויפגעבונדן די צוויי יונגע מענטשן איז געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער, און מיט שרעק און טרויער האָבן זיי געטראַכט וועגן דעם מאָמענט, ווען זיי וועלן זיך מוזן צעשיידן.

איינמאָל אין אָוונט, ווען זיי זענען געבליבן אַליין האָט וואַסיאַ אַרויסגענומען אַ בריוו און געזאָגט:

— איך האָב מיין מוטער געשריבן וועגן מיין גרויסער ליבע צו דיר און אָט האָט ער, וואָס זי שרייבט מיר.

און ביים לבנה־שיין האָט ער אָנגעהויבן צו לייענען:

„איך בין זייער צופרידן, וואָס דו האָסט געפונען אַזאַ זעלטן מיידל און איך עצה דיר נישט פירן קיין לאַנגע ליבע, נאָר באַלד בעטן אירע עלטערן, אַז זיי זאָלן קומען מיט איר קיין קיעוו און באַשטימען דעם טאָג פון דער חתונה. איך בין זיכער, אַז דיין אויסוואַל איז אַ געלונגענער און איך וועל זי ליב האָבן ווי מיין אייגענע טאָכטער. איך דערוואַרט דיך נאָך די מאַנעוורעס און האָב שוין צוגעגרייט אַ שיינע מתנה פאַר דיין אויסדערוויילטער...“

— אַ, אַ, ווי ווייט עס האַלט שוין — האָט סאָניאַ מיט אַ ווי־ציקן טאָן אַ זאָג געטון — אַפילו חתונה־מתנות גרייט מען שוין.

— צו וואָס לאַנג אָפּציען — האָט וואַסיאַ ערנסט געענטפערט — איך וועל אָן דיר שוין נישט קענען לאַנג אויסהאַלטן. יעדער טאָג וועט זיך מיר אויסווייזן ווי אַ יאָר. דערפאַר וואָלט איך פאַרגעלייגט, אַז מאָרגן זאָלן מיר דיינע עלטערן וועגן אַלץ דערציילן און איך וועל זיי בעטן, אַז זיי זאָלן דערלויבן אונדז פאַרבינדן אונדזער גורל אויף אייביק.

— ניין, וואַסיענקאַ, נישט אַזוי שנעל! — האָט אויסגעשריגן סאָניאַ דערשראָקן, — איך מוז מיינע עלטערן צוגרייטן דערצו. דו ווייסט דאָך, אַז מיין פאָטער איז אַ רעליגיעזער ייד און וועט אַזוי גיך נישט איינגיין דערויף, אַז זיין בת־יחידה זאָל חתונה האָבן מיט אַ קריסט.

— ווי קאָמיש דאָס זעט אויס אין מיינע אויגן, — אַ ייד, אַ קריסט. עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן אַ גוטן מענטשן און

אַ שלעכטן, אַן אָרנטלעכן און אַ פאַרברעכער, אָבער טײלן מענטשן לויט זײער גלויבן, דאָס איז נאַריש.

— און דאָך, קענענדיק מײן פאָטער, ווײס איך, אַז עס וועט זיך מיר נישט לײכט אײַנגעבן, אום צו איבערצײַגן. איך וויל צום ערשטן באַקומען די צושטימונג פון מײן מוטער.

---

דעם צווײטן טאָג נאָך דעם שמועס, איז געווען פרײטיק. סאָניאַ האָט געהאָלפן דער מוטער אויפרוימען די שטוב אויף שבת, זי האָט געוואַשן די דילן און די פענצטער.

עטלעכע מאָל האָט זי זיך געקליבן דערצײלן דער מוטער וועגן איר ליבע צו וואַסיען און וועגן זײערע פּלענער אויף דער צוקונפט. נאָר יעדעס מאָל האָט זי באַהערשט אַ שעמעוודיקײט און אַ נישט-דרײסטקײט און זי האָט דאָס אָפּגעלײגט אויף שפּעטער. ברכה האָט באַמערקט די ערנסטקײט אויף סאָניעס געזיכט און דעם טרויער אין אירע אויגן און דאָס דערקלערט מיט דעם, אַז זי לײדט שוין פאַרויס פון איר נאָענטן אָפּפאָרן קײן זשיטאָמיר און פון דעם צע-שײדן זיך אויף אַזוי פיל חדשים. אין אָוונט, ווען בערל איז אַוועק-געגאַנגען דאַווענען, האָט זיך ברכה אַוועקגעזעצט אויף דער הילצער-נער סאָפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און האָט מיט אַ מידן, אָבער צופרידענעם בליק באַטראַכט דאָס זויבער-רײנע צימער, אין וועלכן עס האָט שוין געהערשט די פרײטיק-נאַכטיקע שטימונג. דער טיש, וואָס האָט געדינט די גאַנצע וואָך אַלס בערלס שנײדער-וואַר-שטאַט, איז געווען באַדעקט מיט אַ װײסן טישטוך, אויף וועלכן עס האָט געברענט אין די מעשענע, גוט-אויסגעפּוצטע לײכטער די שבת-דיקע ליכט. די שפּרינגענדיקע פײערלעך פון די ליכט האָבן ווי גע-פירט אַ קאַמף מיט דער גרויער שײן פון בין-השמשות, וואָס האָט זיך נאָך אַרײַנגעריסן דורך די קלײנע פענצטערלעך. נאָר וואָס ווײ-טער, האָבן די ליכט אַלץ מער אַרויסגעטריבן דאָס גרויקײט, און די פענצטערלעך זענען געוואָרן אַלץ טונקעלער און צום סוף האָבן זײ שוין אויסגעזען ווי שוואַרצע שפּיגעלעך, אין וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעקלאַפּט די רויטע פײערלעך פון דעם ליכט. דאַן איז ערשט דאָס

צימער פול געוואָרן מיט שבתדיקער רו און געמיטלעכקייט. די דאָזיקע שטימונג האָט נאָך מער פאַרגרעסערט דאָס צוויטשערן פון אַ גריל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן ערגעץ הינטער דעם אויוון און דער שטילער טיק־טאַק, טיק־טאַק פון דעם אַלט־מאָדישן זייגער, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. סאָניאַ איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל און אָנגעהויבן צו קעמען אירע געדיכטע האָר, וואָס האָבן ווי מיט אַ שאַל ארומגענומען אירע אַקסלען. ברכה האָט געזען אין שפּיגל סאָניעס בלאַס געזיכט מיט די טרויעריקע אויגן און האָט מיט מיטגעפיל געפרעגט:

— וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, מיין טעכטערל? דו זעסט אויס אַזוי שלעכט, ווי עפּעס וואָלט געדריקט דיין האַרץ.

— איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט צו דערציילן וועגן אַלץ, — האָט סאָניאַ אַ טראַכט געטון און צולויפנדיק צו דער מוטער, אַ פאַל געטון אויף די קני און איינגראָבנדיק איר פּנים אין דער מוטערס שויס, מיט טרערן אין דער זיך איבעררייסנדיקער שטים, גיך אַרויסגערעדט:

— מאַמעניו, איך פּאָר נישט קיין זשיטאָמיר... איך האָב ליב וואַסיען און איך פאָר מיט אים אַוועק קיין קיעוו... מיר וועלן דאָרט התונה האָבן... מאַמעניו, איך האָב דיך מיט דעם טאַטן אויך שטאַרק ליב, נאָר איך... — זי האָט נישט פאַרענדיקט די פראַזע און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל און אומדערוואַרט, אַז ברכה האָט נישט באַלד פאַרשטאַנען סאָניעס רייד און צודריקנדיק זי צום האַרצן, געגלעט אירע האָר און אָנגעהויבן טרייסטן:

— וויין נישט, טייער טייבעלע, אַ שאָד דיינע אויגעלעך, באַרואיק זיך, אַלץ וועט גוט זיין.

סאָניאַ האָט פאַרשטאַנען דער מוטערס רייד אַלס ענטפער אויף אירע און האָט אָנגעהויבן קושן ברכהס הענט:

— דו זאָגסט, מאַמעניו, אַז אַלץ וועט גוט זיין... טייערע מאַמעניו, איך האָב געפילט, אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין און וועסט נישט וועלן שטערן אונדזער גליק... מאַמעניו, וואַסיאַ איז אַ גוטער און מיר האָבן זיך אַזוי שטאַרק ליב.

— וואָסער וואַסיאַ, וואָסער ליבע, עפּעס רעדסטו מעכטערל ווי פון היץ. ביסט אפשר נישט געזונט?

סאָניאַ, פיל מיט גליק, האָט ווי נישט געהערט דער מוטערס רייד און פאָרגעזעצט:

— מיר וועלן פאָרן קיין קיעוו, דו וועסט אויך מיטפאָרן... זיין מוטער ווייסט שוין דערפון... מיר וועלן זיין אזוי גליקלעך... וואַסיאַ איז אזוי איידל און גוט...

ערשט איצט האָט ברכה אָנגעהויבן פארשטיין סאָניעס רייד און ווי מיט א האַמער האָט איר א קלאַפּ געטון דער געדאַנק: „סאָניעטשקאַ האָט ליב וואַסיען, אונדזער שכן... דעם קריסט און קלייבט זיך מיט אים חתונה האָבן". זי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און אויסגעשריגן:

— מיט א גוי? דו גייסט חתונה האָבן מיט א גוי?... דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען!... ניין! קלאַפּ זיך דאָס ארויס פון דעם קאָפּ! דו וועסט מיט דעם גוי נישט חתונה האָבן!... קיינמאָל נישט־... דו הערסט? קיינמאָל נישט!...

סאָניאַ האָט נישט פארשטאַנען די פּלוצמדיקע פארענדערונג, וואָס איז מיט דער מוטער פאָרגעקומען און שטייענדיק אויף די קני אויסגעצויגן די הענט צו דער מוטער מיט געבעט „מאַמעניו, האָסט דאָך אָקאָרשט געזאָגט, אז אַלץ וועט גוט זיין... מאַמעניו, איך האָב אים דאָך ליב!"

— נארישקייטן, — האָט בייז געענטפערט ברכה, — ליב, שמיב, ביסט נאָך יונג, וועסט נאָך נישט איינמאָל ליב האָבן. ווען מען האָט מיר פארקנאַסט מיט דיין פאָטער, האָב איך דעמאָלט ליב געהאַט אַן אַנדערן און האָב געמיינט, אז אַלע זיבן הימלען האָבן זיך אויף מיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און איך וועל שוין קיינמאָל נישט זיין גליקלעך, פונדעסטוועגן האָב איך זיך צוגעוווינט צו מיין מאַן. אים ליב געקריגן און האָב נאָך קיינמאָל נישט געהאַט חרטה אויף דעם דאָזיקן שריט. אזוי וועט זיין אויך מיט דיר. שלאָג זיך דעם וואַסיען ארויס פונעם קאָפּ. גיי בעסער וואַש אָפּ די טרערן און פאַר־קעם די האָר ביז דער טאַטע וועט קומען פון דעם דאַווענען און פאַר־שטער אונדז נישט דעם שבת.

ווען סאָניאַ האָט נאָר באַוויזן זיך אויפהויבן פון דעם דיל, האָט זיך געעפנט ברייט די טיר און עס איז אַריינגעקומען בערל.

— אַ גוט שבת אייך, ווייבער! אַ גוט שבת! — האָט ער מיט אַ פריילעכער שטים געזאָגט — וואָס זענט איר אַזוי טרויעריק? אַלץ צוליב סאָניעטשקעס אָפּפאָרן קיין זשיטאָמיר? — און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער פאָרגעזעצט:

— נאַרישקייטן, און וואָס וועט שוין זיין, ווען זי וועט אין אַ מזלדיקער שעה חתונה האָבן און איר מאַן וועט וועלן אין מאָסקווע, אָדער גאָר אויף קאַווקאַז און מיר וועלן זיך דאַרפן צעשיידן אויף אַ פּאָר יאָר?... אַזוי איז שוין דער גורל פון די עלטערן, וואָס האָבן טעכטער. ווען דו זאָלסט געווען געבוירן אַ יינגל, וואָלטן מיר גענומען אַ שנור אין שטוב אַריין און וואָלטן זיך קיינמאָל נישט צעשיידט. אָבער אַ טאָכטער איז ווי אַ פייגעלע, — ביז עס איז קליין און אומ־באַהאָלפן, זיצט דאָס אין דער מאַמעס נעסט, און, אַז די פליגלען ווערן ביי איר שטאַרקער פליט דאָס אַוועק און הויבט אָן צו בויען אַן אייגן נעסט. יאָ, יאָ, טייערינקע, אַזוי איז דאָס לעבן.

ברכה האָט אָנגעהויבן גרייטן צום טיש און בערל, רייבנדיק איין האַנט אָן דער צווייטער, האָט אָנגעהויבן אַרומשפּרייזן מיט לאַנג־זאַמע טריט איבער דעם צימער און מיט אַן אָנגענעמער שטים גע־זאָגט: „שלום עליכם מלאכי השלום מלאכי עליון. מלך מלכי המלכים, הקדוש ברוך הוא“.

ברכה האָט באַשלאָסן פאָרלויפיק נישט צו דערציילן בערלען וועגן איר שמועס מיט סאָניאַ, און דער שבת איז אַדורך ווי יעדער שבת. בלויז אין דער לופט האָט זיך געפילט עפּעס אַן אָנגעלאָדנקייט ווי פאַר אַ שטורעם און יעדער האָט די דאָזיקע שטימונג אויס־געטייטשט אויף זיין אופן. שבת אין אָוונט, נאָך דער הבדלה, האָט בערל אויסגעטון דעם שבתדיקן קאַפּטאַן, אַראָפּגענומען דעם ווייסן טישטוך פון זיין שניידער־טיש און זיך גענומען נייען עפּעס אַ מלבוש, וואָס ער האָט צוגעזאָגט אַרויסענדיקן אויף מאָרגן. סאָניאַ איז געווען אין צווייטן צימער און ברכה איז געזעסן אויף איר באַ־ליבט אָרט, — אויף דער סאָפע און מיט פאַרביסענע ליפּן געקוקט

אין איין ריכטונג און אַלע פּאָר מינוטן האָט זי געגעבן אַ שווערן זיפץ.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרדאַגהט ברכה? — האָט בערל מיט אַ וויציקן טאָן געפרעגט — דיינע שיפן זענען דיר אונטערגעגאַנגען?

— איך וואָלט שוין געוואָלט, אַז די „מאַנעוורעס" זאָלן זיך ענ־דיקן און די מלאכי־חבלים זאָלן שוין אַרויספאָרן פון קאָראָסטישעוו — האָט ברכה אַ זאָג געטון ווי צו זיך אַליין.

— וואָס זשע, זיי מאַכן דיר שטאַרק ענג? דאַכט זיך מיר, אַז מען פילט אונדזער שכן אפילו נישט אין הויז.

— טאַקע וועגן דעם האָב איך געוואָלט מיט דיר רעדן. עס איז נישט גוט, ווען אין אַ הויז, וו עס איז דאָ אַ דערוואַקסן מיידל, זאָל אויך זיין אַ פרעמדער בחור און נאָך דערצו אַ קריסט.

— וואָס זשע, דו האָסט עפּעס באַמערקט? — האָט בערל מיט אַן אומרואיקן טאָן געפרעגט.

ער האָט אַרויפגערוקט די ברילן אויף דעם שטערן און אָנגע־שטעלט אויף ברכהן אַ דערשראָקענעם בליק.

— איך דאַרף שוין נישט באַמערקן, אונדזער טאָכטער האָט שוין מיר אַליין אַלץ דערציילט.

— וואָס ציסטו מיר דאָס בלוט פון די אָדערן — האָט אויסגע־שריגן בערל — זאָג שנעלער וואָס איז געשען?

— אַ גרויס אומגליק איז געשען, בערל. אונדזער סאָניעטשקאַ האָט זיך פאַרליבט אין אונדזער שכן וואַסיאַ און אָנשטאָט קיין זשיטאָמיר, קלייבט זי זיך מיט אים צו פאָרן קיין קיעוו חתונה האָבן.

— וואָס? — האָט בערל זיך אויפגעריסן פון אָרט — אונדזער טאָכטער גייט חתונה האָבן מיט אַ גוי? — ניין, דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען.

ביי די ווערטער האָט ער אַ שטאַרקן קלאַפּ געטון מיט דער פויסט אין טיש. די שווערע שניידערשע שער איז אונטערגעשפרונגען אין דער לופט און מיט אַ גרילצנדיקן קלאַנג צוריק אַ פאַל געטון אויפן טיש. עס איז מיט אַמאָל געוואָרן שטיל. בערל איז מיט שנעלע טריט אַרומגעגאַנגען פון איין עק צימער אין דעם צווייטן, מיט ביידע הענט האָט ער זיך געהאַלטן ביים קאָפּ און אָן אויפהער איבערגע־

חזהט: „אזא חרפּה, אזא חרפּה". ברכה האָט מיט דעם עק פון איר קאָפּ־טיכל געווישט די טרערן וואָס האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן, און שטיל געקרעכצט. פּלוצלונג האָט זיך בערל אָפּגעשטעלט אנט־קעגן ברכהן און מיט ביטערקייט אין דער שטים געזאָגט:

— דו האָסט באַדאַרפט היטן דיין קינד און נישט דערלאָזן צו אזא שאַנדע. דו, נאָר דו, דו ביזט דאָך אַ מאַמע... דו ביזט אליין גע־ווען אַ מיידל און דו ווייסט ווי יונגע מיידלעך קלעפּן זיך לייכט צו צו אַן אָפיצערן־מונדיר. נאָר ניין, ווי לאַנג איך לעב וועט אזוינס נישט געשען. איך וועל איר ווייזן, נישט פאָלגן קיין עלטערן! איך וועל נישט דערלאָזן דערצו!

— באַרואיק זיך בערל. מען דאַרף פּרווון נאָר מיט גוטן, מיט כוח וועסטו גאָרנישט אויפטון. היינט איז נישט אַמאָליקע צייטן, ווען אין אזא פאַל האָט מען געקענט, דורך אַ שתדלן, זיך ווענדן צום „איספּראַווניק" נאָך הילף און אפילו צום גובערנאַטאָר. מיר וווינען אין אזאַ לאַנד, וווּ אַן 18יאָריק קינד, קען מען נישט פאַרווערן חתונה האָבן מיט וועמען זי וויל. דעריבער בערל, נעם זיך צו איר מיט גוטן, נאָר מיט גוטן.

בערל האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן טיש און מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ עפּעס לאַנג געטראַכט. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן רופן: סאָניאַ! סאָניאַ!

פון צווייטן צימער איז אַריינגעגאַנגען סאָניאַ. זי איז שטיין גע־בליבן ביים שוועל און שטיל געפרעגט:

— האָסט מיך גערופן, טאַטעניו?

בערל האָט געקוקט אויף זיין בת־יחידה, וועלכע איז געשטאַנען אַן איינגעבראָכענע, צוהאַלטנדיק זיך מיט איין האַנט פאַר דעם „קאָסיאַק" פון דער טיר.

— סאָניעטשקאַ, קינד מיינס — האָט בערל מיט אַ בעטנדיקער שטים געזאָגט — די מאַמע האָט מיר אַלץ דערציילט. דו ווילסט מאַכן אַ שריט אויף וועלכן דו וועסט דערנאָך חרטה האָבן. באַטראַכט זיך, ביזט נאָך יונג. עס איז דאָך פאַראַן אַזויפיל יונגע און פיינע יידישע בחורים. צו וואָס טויג דיר דער גוי? סאָניעטשקאַ, פאַרשעם נישט מיין גרויען קאָפּ האָר. איך האָב אַזויפיל יאָרן געבעטן, גאָט

זאָל מיר געבן אַ קינד און יעצט, ווען איך האָב שוין געהאַפט פון דיר צו דערלעבן אַ נחת, ווילסטו אונדז אַזאַ אומגליק פאַרשאַפן. באַ־הערש זיך, מיין קינד, און רייס איבער מיט דעם שגעון...

— איך קען שוין נישט איבעררייסן, טאַטעניו, — שוין צו שפעט, — האָט סאָניע שטיל געזאָגט, — איך געהער שוין צו וואַסיען מיט מיין לייב און מיט דער נשמה.

— וואָס! וואָס האָסטו געזאָגט? האָט בערל אויסגעשריגן — די חציפה! שוין זאָלסטו מיט אים איבעררייסן. שוין, ווייל איך וועל דיך פאַרשעלטן און מיין קללה וועט דיר דאָס גאַנצע לעבן פאַרפאָלגן.

— טאַטעניו. — סאָניאַ איז צוגעפאַלן צום פאָטערס האַנט און זי אָנגעהויבן קושן — טאַטעניו, שטער נישט מיין גליק. צעברעך נישט צוויי יונגע לעבנס. זיי מיר מוחל.

בערל האָט איר אָפגעשטויסן פון זיך און אַ שטאַרק אויפגערעק־טער געפרעגט:

— און דו וואָס, יואָס דו צעברעכסט צוויי אַלטע לעבנס, דאָס אַרט דיך גאַרנישט? ניין, איך וועל דיר דאָס קיינמאָל נישט מוחל זיין. אויב דו וועסט דעם דאָזיקן שרעקלעכן שריט טון, וועסטו פאַרשאָלטן ווערן פון גאָט און פון לייט, וועסטו קיינמאָל קיין פולן גליק נישט האָבן! וועסט אַזוי פאַרשעמט ווערן ווי דו האָסט דיינע אַלטע פאָ־טער און מוטער פאַרשעמט.

סאָניאַ איז ארויסגעלאָפן אין צווייטן צימער. דעם פאָטערס ווער־טער האָבן ווי מיט אַ שווערן האַמער געקלאַפט איבער איר קאָפּ. זי איז אַ פאַל געטון אויף דעם בעט און זיך הילכיק צעוויינט.

## קאַפּיטל 7

### סאָניאַ פאַרלאָזט דאָס הויז פון די עלטערן

אויף מאָרגן האָט בערל אַ גאַנצן טאָג געגייט, צו קיינעם נישט גערעדט און בלויז פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף דער טיר פון וואַסיעס צימער. צו מיטאָג איז סאָניאַ צום טיש נישט

אַרויסגעגאַנגען און ברכה האָט איר אַרײַנגעטראָגן דאָס עסן אין איר צימערל. דער זונטיקדיקער טאָג איז דורכגעגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג, ווי אין אַ הויז, וווּ עס איז דאָ אַ געפערלעך קראַנקער.

מאָנטיק אינדערפרי, ווען ברכה איז פאַרן גיין אין מאַרק אַרײַן אײַנקויפן, אַרײַנגעגאַנגען אין דעם האַלב־פינצטערן צימערל, ווו סאָניאַ איז לעצטנס געשלאָפן, אַ קוק טאָן, וואָס דאָס טעכטערל מאַכט, האָט זי געטראָפן דאָס בעט ליידיק. סאָניעס זאַכן זענען גע־ווען אין אומאָרדענונג, צעוואָרפן איבער דעם צימער און אויף דעם קליינעם טישל איז געלעגן אַ צעטעלע מיט פאָלגענדיקן אינהאַלט: „איך בין געגאַנגען נאָך דעם רוף פון מיין האַרצן, זייט מיר מוחל“.

— אַן אומגליק האָט אונדז געטראָפן! זי איז שוין נישטאָ!

— האָט פּלוצים בערל דערהערט דאָס האַרצרייסנדיקע געשריי פון ברכהן. ווען ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימערל, האָט ער געטראָפן ליגן זיין פרוי אויף דעם דיל אַ פאַרחלושטע. עס זענען זיך צונויפ־געלאָפן שכנים, מען האָט זי געמינטערט, סאָניעס צעטעלע איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. בערל איז געשטאַנען נעבן דעם בעט ווו ברכה איז געלעגן. ער האָט צו קיינעם נישט גערעדט. גע־קוקט מיט אַ פאַרטראַכטן בליק אין איין פונקט און געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט איצט געווען ערגעץ אין אַנדער וועלט און פאַרשטייט נישט, וואָס עס קומט פאָר אַרום אים.

ברכהן האָט מען אָפּגעמינטערט, זי איז געלעגן מיט אַ בלאַס פּנים און שטיל געקרעכצט. די שכנים האָבן שווייגנדיקע, איינציק־ווייז פאַרלאָזט דאָס צימער, וואַרפנדיק מיטפילנדיקע בליקן אויף בערלען. ווען זיי זענען געבליבן אַליין, האָט בערל אַ טיפן זיפץ גע־טאָן און געזאָגט צו ברכהן:

— מיר האָבן נישט מער קיין קינד... אדוני נתן ואדוני לקח... איר נאָמען זאָל מער אין שטוב נישט דערמאָנט ווערן...

דאָס שרעקלעכע געשעעניש האָט בערלען אײַנגעבראָכן. ער האָט נישט געאַרבעט, מיט קיינעם נישט גערעדט, און גאַנצע טעג געזעסן אין אַ ווינקל, באַהערשט פון זיינע שוואַרצע געדאַנקען. ווען ער האָט איינמאָל אַן אינדערפרי זיך ווידער אָוועקגעזעצט צו דער אַר־

בעט, האָט ער אויסגעזען ווי נאָך א שווערער קרענק; אויף זיין הויכן שטערן האָט זיך באוויזן א נייער, טיפער קנייטש און די צוויי פּאַסן גרויע האָר אין זיין באָרד זענען געוואָרן ברייטער און העלער.

## קאַפּיטל 8

## אין קיעוו

סאָניא איז פון ערשטן אויגנבליק געפעלן געוואָרן וואַסיעס מוטער, וועלכע האָט זי אויפגענומען ווי אן אייגענע טאָכטער, און ארומגערינגלט מיט אזויפיל ליבשאַפט און אויפמערקזאַמקייט, אז סאָניא האָט זיך באַלד דאָ דערפילט ווי ביי זיך אין דער היים. אינגיכן האָט וואַסיא באַקומען א פּרעכטיקע וווינונג אין איינעם פון די מיליטערישע בלאָקן, וווּ זיין פּאָלק האָט זיך געפונען און איז מיט ברען צוגעטראָטן איינצואָרדענען זיין „קליין נעסטעלע", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

וואַסיא האָט זיך באַמיט צושטעלן סאָניען פאַרשידענע פאַרגעניגנס און זי צעשטרייען, אז זי זאָל נישט טראַכטן וועגן אירע עלטערן, וועלכע זי האָט פאַרלאָזט. נישט קוקנדיק אויף דער צערטלעכקייט און ליבשאַפט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן, איז דאָך אָפט סאָניען באַפאַלן א בענקשאַפט נאָך דער מוטער, נאָך דעם פאָטער, נאָך זייער שטיל יידיש הויז אין קאַראַסטישעוו. אין אזעלכע מאָמענטן פלעגט זי שרייבן גרויסע בריוו צו די עלטערן, אין וועלכע זי האָט באַשריבן איר גליקלעך לעבן, וואַסיעס שטאַרקע ליבע צו איר, זי האָט געשריבן וועגן איר בענקשאַפט נאָך די עלטערן, וועלכע זי וואָלט כאָטש אויף איין מינוט געוואָלט זען און צום סוף געבעטן זיי זאָלן איר מוחל זיין און דערלויבן קומען צו זיי.

אַלע בריוו, וואָס זי האָט אַרויסגעשיקט, זענען אָבער צוריק אָנגעקומען, אפילו ניש אויפגעעפנט.

וואָס ווייטער זענען די מאָמענטן פון בענקשאַפט נאָך די עלטערן געוואָרן אַלץ זעלטענער. די הויפּט־סיבה דערפון איז געווען דאָס יינגעלע, וואָס זי האָט געבוירן. דער נייער נפש, קאָסטיק, מיט וועלכן

ס'איז פיל געווען דאָס הויז, האָט נאָך מערער פאַרבונדן דאָס פאָר־פאָלק און נאָך מער פאַרשטאַרקט זייער ליבע. נאָכן געבוירן איז סאָניאַ געוואָרן נאָך שענער, זי איז געוואָרן ווי גרעסער און ווייב־לעכער. ווען זי פלעגט קומען אויף די „אַפּיצירן־פאַרווײַלונגען“, האָבן די פרויען איר באַגלייט מיט בליקן פון קנאה און די מענער מיט אַנטציקונג.

וואַסיאַ איז געווען אַזוי צוגעבונדן צו זיין משפחה, אַז אויסער זיי האָט אים קיינער נישט אינטערעסירט. ער פלעגט מיט אומגעדולד וואַרטן אויף דער ענדע פון זיין אַרבעט און באַלד לויפן צו זיינע „קינדערלעך“, ווי ער האָט גערופן סאָניען מיט קאָסטיקן. זייער גליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט ממש געשראָקן סאָניען און אָפט פלעגט איר קומען אַ געדאַנק, אַז אַזאַ גליק קען אייביק נישט אָנהאַלטן. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זיך איר דערמאָנט דער טרויע־ריקער שבת צונאַכטס, ווען דער פאָטער האָט איר געדראָט, אַז ער וועט איר פאַרשעלטן, אויב זי וועט נישט גיין מיט זיין וועג. דאַן האָט זי געזוכט אַ טרייסט און געוואָלט מיט עפּעס פאַרגיטיקן די זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען קעגן אירע עלטערן.

זי איז דעמאָלט געגאַנגען אויף דעם יידישן בית־עולם. דאָרט האָט זי אָפּגעזוכט אַן אַלטן פאַרנאַכלעסיקטן קבר, און לאַנג, לאַנג געוויינט. דאָ, אין דער נאָענטקייט פון די יידישע מתים, האָט זי אין די געדאַנקען זיך אַריבערגעטראָגן אין איר היימיש שטעטל, געזען און גערעדט מיט אירע עלטערן. עס האָט זיך איר דאַן געדאַכט, אַז נעבן איר שטייט איר אַלטער פאָטער, זי האָט געקושט זיינע הענט און געבעטן, ער זאָל איר מוחל זיין. טיילווייז אַ באַרואיקטע, פלעגט זי פאַרלאָזן דעם בית־עולם און נאָך עטלעכע טעג זיין אונטער דעם איינדרוק פון די וויזיעס, וואָס זי האָט אויף דעם בית־עולם געזען.

איינגיכן אָבער האָט איר דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן און די פליכטן לגבי דער משפחה ווידער איינגעשלונגען און פאַרטריבן די בענק־שאַפט און אומעט.

אַ יאָר נאָך סאָניעס קומען קיין קיעוו, איז געשטאָרבן וואַסיעס מוטער. גרויס איז געווען דער טרויער נאָך דער דאָזיקער נאָבלער און גוטער פרוי. וועלכע האָט זיך באַמיט צו פאַרטרעטן סאָניען איר

מוטער. די צייט האָט אָבער אויך די ווונד גיך אויסגעהיילט.

קאָסטיק איז געווען אַ געזונט, שיין קינד און האָט אַלע אַנטציקט מיט זיינע חכמות.

אַזוי האָבן זז געלעבט ביז פרילינג 1941־טן יאָר, און פאַר די 5 יאָר האָט קיין איין וואָלקנדל נישט פאַרטונקלט דעם ריינעם האָרי־זאָנט פון זייער גליקלעכן פאַמיליע־לעבן.

## קאַפּיטל 9

## וואַסיאַ גייט אויפן פראָנט

„ ווי אַ דונער אין אַ זוניקן זומער־טאָג האָט געטראָפן דאָס גליק־לעכע פּאָרפּאָלק, די שרעקלעכע ידיעה וועגן אויסברוך פון מלחמה צווישן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און היטלער־דייטשלאַנד, דעם 22־טן יוני 1941. אויפן צווייטן טאָג האָט שוין וואַסיעס פּאָלק באַקומען אַ באַ־פעל אָפּצומאַרשירן אויפן פראָנט. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל און אומדערוואַרטעט, אַז סאָניאַ האָט אפילו נישט געקענט באַלד באַגרייפן די גאַנצע גרויזאַמקייט פון דאָזיקן געשעעניש. בלויז, ווען וואַסיאַ איז אַריינגעלאָפן אין דער וווינונג און מיטגעטיילט, אַז אין עטלעכע שעה אַרום גייט שוין זיין צוג אָפּ פון קיעוו, איז סאָניאַ אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און בליץ־שנעל איז איר דורכגעלאָפן דער געדאַנק: „מיין פאָטערס קללה הויבט אָן פאַרווירקלעכט צו ווערן".

שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה זענען זיי שוין געווען אויף דעם באַן־הויף, וועלכער איז שוואַרץ געווען פון מענטשן. עס האָט זיך צונויפ־געמישט דאָס געוויין פון מוטערס, וואָס האָבן באַגלייט זייערע זין און פון פרויען, וואָס האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע מענער, מיט דעם געזאַנג פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין געשלאָסענע רייען גע־שטראָמט צום באַן־הויף. מענטשן האָבן זיך נערוועז געשטופּט, גע־שריגן און איבער אַלעמען האָט זיך געהערט דאָס שווערע סאָפּען פון לאָקאָמאָטיוו און די קלאַנגען פון אַ האַרמאָשקע, אויף וועלכער אַ סאָלדאַט האָט אויסגעשפּילט אַ פריילעכע מעלאָדיע, כדי זיך אונטערצוגעבן קוראַזש פאַרן אַוועקגיין אויפן פראָנט. וואַסיאַ האָט

געהאַלטן סאָניען צוגעדריקט צום האַרצן און זיך באַמיט מיט אַ רואיקער שטים איר צו טרייסטן:

— וויין נישט מיין טייבעלע, — האָט ער איר געצערטלט און נעזאָגט — מיר וועלן גיך דערשלאָגן דעם דייטש און איך וועל זיך אומקערן אין אונדזער „קליין נעסטעלע", ווו מיר וועלן ווידער גליקלעך זיין. איך וועל אייך דאַן נאָך שטאַרקער ליב האָבן ווי ביז איצט. קאָסטיק האָט פעסט געהאַלטן דער מוטערס האַנט און געקוקט מיט נייגעריקייט און שרעק אויף דעם אַלעמען, וואָס קומט פאָר אַרום אים. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין מיט זיין קינדעריש קעפעלע פאַרוואָס אייניגע וויינען און אַנדערע זינגען. עס האָט אים געמאַכט טרויעריק, וואָס די גוטע מאַמעניו וויינט אַזוי שטאַרק. דערפאַר איז אים געפעלן, וואָס דער פאַפאַ פאַרט דערשלאָגן עפעס אַ דייטש. ער האָט כסדר געשלעפט וואַסיען פאַרן שינעל און צו אים אַרויפגעשריגן: „פאַפקאַ, זאָלסט גיך דערשלאָגן דעם דייטש און זאָלסט מיר ברענגען אַ קליין דייטשעלע, וועל איך אים אויך דערשלאָגן".

דער באַן־גלאָק האָט דריי מאָל אויסגעקלונגען. מענער האָבן זיך אָפגעריסן פון די פרויען און אַריינגעלאָפן אין די וואַגאָנעס. דער געפילדער, דאָס שטופעניש און געוויין זענען געוואָרן נאָך גרעסער. וואַסיאַ האָט צום לעצטן מאָל צוגעדריקט צום האַרצן סאָניען און קאָסטיקן, איז אַריינגעשפרונגען אין וואַגאָן און זיך באַלד באַוויזן ביים פענצטער. סאָניאַ איז צו אים צוגעלאָפן און אָנגעכאַפט זיין אויסגעשטרעקטע האַנט. ווען דער צוג האָט שוין גערירט איז זי נאָך עטלעכע מעטער נאָכגעלאָפן און געקוקט מיט פאַרוויינטע אויגן אויף וואַסיען.

— שטאַרק זיך, סאָניעטשקאַ — האָט ער אויסגעשריגן — ווו איך וועל נישט זיין, וועל איך שטענדיק טראַכטן וועגן אייך, מיינע טייערע, און וועל אייער בילד אין מיין האַרצן טראָגן. דער צוג האָט פאַרשנעלערט דעם גאַנג. וואַסיאַ האָט אַרויסגעלאָזט איר האַנט און האָט עפעס נאָך גערעדט, אָבער דאָס שווערע סאַפען פון דער לאָקאָמאָטיוו, דאָס קלאַפן פון די רעדער און די געוויינען פון די פרויען האָבן פאַרהילכט זיינע רייד. וואַסיאַ האָט מיט אַלע כוחות אויסגעשריגן: „סאָניעטשקאַ! פאַר יעדן פרייז היט אָפ אונדזער קאָסטי־

קען !..." עס האָט נאָך איין מאָל אַ שווינדל געטון זיין געזיכט און איז צוזאַמען מיטן צוג פאַרשווונדן אין די קנוילן פאַרע און רויך.

סאָניאַ האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ צעבראָכענע, אַ נידערגעשלאָגענע. זי האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט אומגליקלעך און איינזאַם. זי איז אַ פּאָל געטון אויף אַ שטול, צוגעטוליעט קאָסטיקן צום האַרצן און האָט לאַנג, לאַנג געוויינט.

יעדן טאָג האָט סאָניאַ דערהאַלטן פון וואַסיען לאַנגע בריוו, אין וועלכע ער האָט מער געשריבן וועגן זיין ליבע צו איר און צו קאָסטיקן און וועגן זיין גרויסער בענקשאַפט נאָך זיי, ווי וועגן זיינע שרקלעכע איבערלעבענישן אויפן פראָנט. ער האָט בלויז אין עטלעכע ווערטער מיטגעטיילט, אַז זיין פּאָלק טרעט אָפּ, און עס זענען פאַראַן גרויסע פאַרלוסטן.

זי האָ געוווסט, אַז זיי האָבן פאַרלאָזט קאָוועל, און זענען שוין אין ראָוונע. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער געשריבן, אַז זיי האָבן שוין אויפגעריסן די בריקן אויף דעם טייך סלוטש, נעבן נאָוואָגראַד—וואָלינסק און דערנענטערן זיך צו זשיטאָמיר. די לעצטע בריוו האָט זי דערהאַלטן פון זשיטאָמיר. אין איר גרויסער ליבשאַפט, האָט זי נישט אַריינגעטראַכט אין דעם גרויסן אומגליק און אין די שרעקלעכע פאָלגן, וואָס עס קען האָבן דער פאָרויסמאַרש פון די דייטשן, און איז געווען צופרידן, וואָס וואַסיאַ איז אין זשיטאָמיר און וועט אין עטלעכע טעג אַרום שוין זיין אין קיעוו. זי האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט ווי זי וועט אים באַגעגענען אַן אויסגעמאַטערטן, אַ פאַרשטויבטן, ווי זי וועט אים אָפּפרישן מיט איר ליבע און צערטלעכקייט און אויב די אַרמיי וועט פאַרלאָזן קיעוו, וועט זי צוזאַמען מיט וואַסיען מיטגיין און וועט זיך שוין מיט אים קיינמאָל נישט צעשיידן.

נאָר אָט איז שוין עטלעכע טעג, אַז זי האָט נישט קיין בריוו פון וואַסיען. אַ פאַרצווייפלטע לויפט זי יעדע פּאָר שעה אויף דער פּאָסט, זי לויפט אין מיליטערישן שטאַב, כדי זיך צו דערוויסן עפּעס וועגן דעם גורל פון וואַסיעס פּאָלק, נאָר קיינער קען איר וועגן דעם גאָרנישט מיטטיילן. איייניקע זאָגן, אַז וואַסיעס פּאָלק האָט מען געקענט איבערוואַרפן אויף אַן אַנדערן פראָנט־אָפּשניט און טייל זאָגן

אַרויס די מיינונג, אַז ער האָט געקענט אַריינפאַלן אין אַן אַרומרינגלונג.

די דייטשע אַרמייען האָבן זיך דערווייל גערוקט פאָראויס. עס האָט זיך שוין געהערט אין קיעוו דאָס הילכן פון אַרטילעריע, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ נאָענטער און דייטלעכער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן איבער דער שטאָט די פיינטלעכע עראָפּלאַנען. מענטשן האָבן אין פּאַניק פאַרלאָזט זייערע וווינונגען און געזוכט אַ באַהעלטעניש אין די קעלערס. יעדן טאָג זענען געווען קרבנות. די מלוכהשע אַנשטאַלטן האָבן זיך אָנגעהויבן עוואַקואירן. אויף זייער קוקנדיק, האָט די ציווילע באַפעלקערונג אויך אָנגעהויבן זוכן טראַנספּאָרטמיטלען און פאַרלאָזן די שטאָט.

דעם 19־טן סעפּטעמבער 1941 האָבן די דייטשן אָן אויפהער באָמבאַרדירט די שטאָט פון דער לופטן און באַשאָסן זי פון שווערער אַרטילעריע, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט דניעפּר. סאָניאַ איז געזעסן מיט קאָסטיקן אין איינעם פון די געמויערטע קעלערס, וואָס האָט זיך געפונען אונטער זייער בלאָק און האָט מיט שרעק זיך צוגעהערט צום שרעקלעכן גהינום, וואָס קומט פאָר ערגעץ אויבן, איבער זייערע קעפּ. ווען עס איז געוואָרן שטיל און זי איז אַרויסגעגאַנגען פון קעלער, האָט זי דערזען אויפן הויף גרויסע מחנות דייטשן, וואָס האָבן ווי די חיות, מיט מערדערישע פּנימער, זיך געוואָרפן אויף די איבערגעלאָזטע טיילן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָבן ביז דעם לעצטן אָטעם צוגעפאַרטיידיקט די שטאָט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע טעג פון דער אָקופּאַציע. שפּייזמיטלען זענען פאַרשוווּנדן פון מאַרק. דאָס סאָוויעטישע געלט איז אַנטווערטעט געוואָרן. פויערים פון די אַרומיקע קאָלכאָזן, וואָס האָבן אין געהיים אַריינגעבראַכט פּראָדוקטן אין שטאָט, האָבן פאַר זיי געפאָדערט באַצאָלט מיט מלבושים אָדער שטוב־זאַכן. איינצייטיק האָבן זיך אָנגעהויבן די נאַצישע רדיפות אויף יידן. מיט דער מיטהילף פון אייניקע אוקראַינישע פאַרעטער, וואָס האָבן פאַרקויפט זייער געוויסן און זייער פאָלק צום דייטש, האָט דער אָקופּאַנט אָנגעהויבן מאָרדן יידן און סאָוויעטישע פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון קיעוו.

נישט האָבנדיק קיין צוטרוי צו אייניקע שכנים, וואָס האָבן צוזאַמען מיט איר געוווינט אין די מיליטערישע בלאָקן און וועלכע האָבן געוווּסט, אַז זי איז אַ יידישקע, האָט סאָניאַ באַשלאָסן צו פאַרלאָזן איר וווינונג. אין דער נאַכט, ערב דער שחיטה פון „באַבי־יאַר“, ווו מען האָט דערמאָרדעט 80 טויזנט יידן, איז סאָניען געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען מיט קאָסטיקן פון איר וווינונג. מיט אַ קליין רענצעלע, אין וועלכן זי האָט מיטגענומען די נויטיקסטע און מערער ווערטפולע זאַכן, איז זי אוועק קיין דאַרניצע (אַ קיעווער פאָרשטאָט). זי האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט ביי אַן אָרעמער משפחה פון אַ באַן־אַרבעטער. אַ יאָר צייט האָט זי געוווינט ביי די גוטע אוקראַינער, וועלכע האָבן אַליין געהאַט צוויי זין אויפן פראָנט און האָבן אַרויסגעוויזן פיל מיטלייד סאָניען, אַלס פרוי פון אַ רויט־אַרמייער, ווי זי האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט.

סאָניאַ האָט געזוכט אַרבעט, כדי צו פאַרדינען אויף ברויט. נאָר דאָס איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען. זי האָט יעדעסמאָל אַרויסגעטראָגן אויפן מאַרק עפּעס פון אירע געראַטעוועטע זאַכן און דאָס אויסגעטוישט אויף אַ ביסל קאַרטאָפל. אַזוי אַרום האָט זי האַלב־הונגעריק געלעבט. עס איז שוין כמעט גאָרנישט געבליבן צו פאַרקויפן און זי האָט שוין געזען פאַר זיך דאָס געשפּענסט פון הונגער.

— איך מוז פאַרלאָזן קיעוו און אַרויספאָרן אויף דער פּראָווינץ, דאָרט וועט אפשר זיין לייכטער צו געפינען אַ שטיקל ברויט פאַר מיין אָרעמען קאָסטיקן — אַזוי האָט געטראַכט סאָניאַ.

אָבער וווהין פאָרט מען? זי האָט זיך דערמאָנט אין וואַסיעס פעטער פיליפּ מיט דער מומע מעלאַניע. ער איז געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ קאָלכאָז אין אַ קליין שטעטל צווישן קיעוו און זשיטאָמיר, מיט דעם נאָמען ראָזוואַזשעוו. דער דאָזיקער פעטער איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי זיי אין הויז, ווייל אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אַמט, פלעגט ער קומען קיין קיעוו אויף צוזאַמענפאָרן. סאָניאַ האָט אים שטענדיק זייער גאַסטפריינטלעך אויפגענומען. די מומע מעלאַניע, וועלכע איז געווען אַ גלויביקע, איז אויף יעדן קריסטלעכן יום־טוב געקומען אין דער „קיעוואָ־פּעטשערסקאַ לאַווראַ“ אויף „באָגאָמאָליע“ (גאָטעס־דינסט). דאָס אַלטע פאָרפאָלק, וועלכעס האָט קיין

קינדער נישט געהאַט, האָט וואַסיען ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם זון און זיי זענען געווען אַנטציקט פון סאָניעס גוטסקייט און גאַסט־פריינטלעכקייט.

סאָניאַ האָט זיך איצט אַנגעכאַפּט אין דעם געדאַנק, ווי אין דעם איינציקן רעטונגס־ברעט און איז צוגעטראָטן אים צו פאַרווירקלעכן. זי האָט פאַרקויפט אַלץ, וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט, און מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס און מיט קאָסטיקן פאַר דער האַנט זיך אַוועק־געלאָזט אין וועג.

זיי האָבן געגעכטיקט אין פּויערישע כאַטקעס, וווּ מען האָט זיך מיט זיי געטיילט מיט דעם אָרעמען מיטאָג, אָדער אָונט־ברויט. לאַנג און שווער איז געווען דער וועג. ענדלעך, אין אַ רעגנדיקן האַרבסט־אָוונט, איז זי אָנגעקומען קיין ראָזוואַזשעוו און אָפּגעזוכט דעם קאָלכאָז. די ערשטע פּויערטע, וואָס זי האָט באַגעגנט אויף דעם גרויסן קאָלכאָז־הויף און געפרעגט, ווו זי קען זען דעם „פּרעדסעדאַ־טיעל״ (פּרעזידענט) פון קאָלכאָז, — דעם פעטער פיליפּ, האָט מיט באַדויערונג געשאָקלט מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— דו ביזט, ווייזט אויס, געקומען פון ווייט, ווייל דו ווייסט נישט וועגן דעם, אַז די דייטשן האָבן דעם גוטן פעטער פיליפּ מיט נאָך דריי קאָלכאָזניקעס געהאָנגען. באַלד אין די ערשטע טעג נאָכן פאַרנעמען ראָזוואַזשעוו.

סאָניאַ איז געבליבן שטיין שווער געטראָפן פון דער דאָזיקער שרעקלעכער ידיעה. זי האָט שוין נישט געהערט, ווי די פּויערטע האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן נישט דערלויבט עטלעכע טעג אַראָפּ־צונעמען דעם פעטער פיליפּס טויטן קערפּער פון דער תּליה.

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן? — האָט סאָניאַ איבערגעריסן דער פּויערטע און אין פאַרצווייפלונג פאַרבראָכן מיט די הענט.

— אפשר ווילסטו זען די אַלטע מעלאַניע, טאָ גיי אַריין אין דעם „סווינױושניק״ (חזיר־שטאַל), דאָרטן וווינט זי איצט, — האָט געזאָגט די פּויערטע און אַ וווּנק געטאָן מיט דער האַנט אויף אַ קליי־נער כאַטע, וואָס איז געשטאַנען איינזאַם אויף דעם צווייטן עק הויף.

סאָניאַ איז צוגעגאַנגען צו דער געדעקטער מיט שטרוי, כאַטקע, וועלכע איז ביז דער העלפט געווען איינגעוואַקסן אין דער ערד. זי

האָט אַ שטוים געטון די טיר, וועלכע האָט זיך מיט אַ לאַנגן, טרויער־ריקן סקריפּ געעפנט און איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק. ביי דער שוואַכער שיין פון דער „לוטשינע", וואָס האָט געברענט אויף דעם פּריפּעטשאָק, האָט זי דערזען אַ נידעריק צימערל מיט אַ ליימענעם דיל. דאָס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון אַ טיש מיט אַ לאַנגער באַנק. אויף איין וואַנט זענען געהאַנגען צוויי פאַרויכערטע הייליקע בילדער און אין ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערן בעט, אויף וועלכער עס איז עמעצער געלעגן. סאָניאַ האָט זיך דערנענטערט צום בעט און קוים דערקענט אין דער אַלטער צונויפגעקאָרטשעטער פרוי, די מומע מעלאַניע. ווען די אַלטע האָט דערזען סאָניען, האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט. זי איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט, צובלאָזן אַ פייער אויף דעם פּריפּעטשאָק און צוגעשטעלט קאַרטאָפל און טיי.

— ווי קלוג דו האָסט געטון, וואָס ביזט געקומען — האָט די אַלטיטשקע געזאָגט, ווען זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט צום טיש און צוגעטראָטן צום באַשיידענעם אָוונט־ברויט. איצט וועט זיין, ווער עס זאָל מיין לעצטן קרעכץ אויפנעמען און מיינע אויגן נאָך דעם טויט פאַרמאַכן.

די אַלטע האָט געגלעט און געקושט קאָסטיקן : — „וואָס פאַר אַ גרויסער ער איז ביי דיר אויסגעוואַקסן, אינגאַנצן אין אונדזער וואַסיען געראָטן".

בשעת דעם אָוונט־ברויט, האָט די מומע מעלאַניע דערציילט וועגן אירע שרעקלעכע איבערלעבונגען. סאָניאַ האָט מיט גרויס מיט־געפיל זי אויסגעהערט און ווען די אַלטיטשקע האָט געענדיקט, האָט זי פאַר איר אויפגעעפנט דאָס האַרץ. עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען סאָניאַ האָט קאָסטיקן, וועלכער איז איינגע־שלאָפן אויף אירע הענט, אַוועקגעלייגט אויף דעם בעט און אַליין אויך זיך געקליבן אָפּרוען נאָך דעם שווערן וועג. די מומע מעלאַניע האָט סאָניען אָפּגעטראָטן דאָס בעט און אַליין איז זי אַרויפגעקראָכן אויף דעם אָנגעוואַרעמטן אויוון און פון דאָרטן נאָך אַראָפּגערעדט.

— שווער איז דאָס לעבן איצט פון אַ פרוי אָן אַ מאַן, אָן על־טערן און דערצו נאָך מיט אַ קליין קינד, אָבער זאָרג נישט טייער־

רינקע. אביסל קאַרטאָפל האָב איך נאָך אין קעלער, מיר וועלן פון הונגער נישט שטאַרבן. שלאָף, מיין טייערע, רו זיך אָפּ און מאָרגן וועלן מיר טראַכטן וואָס ווייטער צו טון.

## קאַפּיטל 10

## סאָניאַ אַרבעט ביי די דייטשן

מעלאַניע האָט סאָניען נישט געראָטן גיין אַרבעטן אין קאָלכאָז: עס זענען היינט נישט די אַלטע צייטן — האָט געזאָגט מעלאַניע — דער דייטש צווינגט אַרבעטן אַ סך און צאָלט נישט לויט די „אַרבעטס־טעג", נאָר וויפל אים גלוסט זיך און ווען אים גלוסט זיך.

סאָניאַ האָט זיך גיך באַפריינדעט מיט אייניקע שכנות, וועלכע האָבן אויך געהאַט זייערע מענער אין דער רויטער אַרמיי און זיי האָבן איר צוגעזאָגט צו געפינען אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום. האָט איר איינע פון אירע נייע פריינדינס מיטגעטיילט, אַז אין „סאָלדאַטן־היים", וווּ זי אַרבעט אַלס געהילפס־קעכן, נויטיקט מען זיך אין אַ שוואַרצער אַרבעטערן אויף וואַשן דאָס געשיר.

אויף דעם צווייטן טאָג האָט שוין סאָניאַ געאַרבעט אין דער דייטשער קוך. די אַרבעט איז צום אָנהויב געווען זייער שווער, — צווישן איין עסן און צווייטן האָט זי באַדאַרפט אויסוואַשן גאַנצע הויפנס מיט געשיר, נאָר זי האָט זיך גיך צוגעוווינט דערצו און איז געווען צופרידן. דער „שעף־קוכער" אַן אַלטער דייטש, האָט גאַנץ מענטשלעך טראַקטירט די אוקראַינישע אַרבעטערנס; ער האָט זיי געגעבן עסן צו דער זעט און דערלויבט מיטצונעמען דאָס עסן, וואָס פלעגט איבערבלייבן אויף די טישן נאָך די דייטשן.

סאָניאַ האָט יעדן אָוונט געבראַכט אַזויפיל שפּייז, אַז עס איז געווען גענוג פאַר קאָסטיקן און פאַר דער מומע מעלאַניע. צווישן די אוקראַינערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין קוך, האָט זיך סאָניאַ אויסגעטיילט, הן מיט איר באַנעמונג, הן מיט איר אויסערלעכן אויסזען. דאָס האָט באַלד באַמערקט דער „אָרטס־קאָמענדאַנט", וועלכער איז

געוועזן דער „פּאַטראָן" פון דעם „סאָלדאַטן־היים" און פלעגט אָפט אַריינקומען אויף אַן אינספּעקציע.

— ווער ביזטו, שיינע אוקראַאינערן? עפּעס ביזטו נישט ענלעך צו די קאַלכאָזנע באַבעס — האָט זיך איינמאָל געוווּנדערט דער קאָמענדאַנט צו סאָניען, באַטראַכטנדיק זי מיט אַ פרעכן בליק.

— איך בין פון קיעוו, און געפין זיך דאָ ביי מיין מומען — האָט סאָניאַ געענטפערט.

— און וווּ איז דיין מאַן? — האָט געפרעגט דער דייטש.

— מיין מאַן איז אין דער רויטער אַרמיי.

— ביזטו, הייסט דאָס, אַ שטרויענע אַלמנה, זייער גוט, זייער גוט — האָט מיט אַ צופרידענעם טאָן געזאָגט דער קאָמענדאַנט — איך האָב ליב שיינע אוקראַאינערנס, מיר וועלן זיין פריינט.

זייענדיק שוין ביי דער טיר, האָט ער איר נאָכאַמאָל אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס און איז אַרויסגעגאַנגען. דאָס צווייטע מאָל, ווען ער איז געקומען אין קוך, האָט ער זיך ווידער אַמאָל אָפּגעשטעלט נעבן סאָניען און פאַרפירט מיט איר אַ שמועס. ער האָט איר געפרעגט, צי עס געפעלט איר דאָס, וואָס זי פאַרדינט אויפן לעבן. ער איז געווען אַנטציקט פון אירע שיינע אויגן, געדיכטע האָר און דרך־אגב, אַ זאָג געטאָן: „איך וואָלט דיך גערן גענומען פאַר אַן אויפזעערין אין מיין וווינונג, דו וואָלסט באַקומען אַ בעסערן לוין און מלבושים וואָלטן דיר אויך נישט געפעלט".

— איך דאַנק זייער דעם הערן קאָמענדאַנט — האָט סאָניאַ געענפערט — איך פאַרדין דאָ גאַנץ גענוג, כדי זיך אויסצוהאַלטן מיט מיין קינד, און די אַרבעט אין „סאָלדאַטן־היים" באַפרידיקט מיך פולקאָם.

איינמאָל נאָכמיטאָג איז דער קאָמענדאַנט אַריינגעקומען אין קוך. דער שעף־קוכער מיט די צוויי אוקראַאינישע געהילפן זענען פונקט אַרויסגעגאַנגען אין מאַגאַזין נאָך פּראָדוקטן, בלויז סאָניאַ איז געשטאַנען נעבן דעם קאַסטן פול מיט אומריין געשיר און עס געוואַשן. דער קאָמענדאַנט איז צו איר צוגעקומען און שטיל געזאָגט:

— קום שיינע אוקראַאינערין היינט אין אָוונט צו מיר אין דער

ווינונג, וועלן מיר זיך אַביסל אַמיזירן. דו ביזט אַן אַ מאַן און איך בין אַן מיין פרוי, אַזוי אַז מיר זענען אויף גלייכע רעכט.

סאָניאַ האָט אים גאָרנישט געענטפערט און פאַרגעזעצט איר אַרבעט. דער אָפיצער האָט איר פּלוצלונג אַרומגענומען און געוואָלט אַ קוש טון. זי האָט אים אָבער דעליקאַט אָפּגעשטויסן פון זיך און געזאָגט :

— איר דערלויבט זיך, הער קאָמענדאַנט, צופיל. איך בין אַן אָנשטענדיקע פרוי און וואָלט אייך זייער געבעטן, מיך צו לאָזן צורו.

— אַן אָנשטענדיקע פרוי ! — האָט מיט חוזק אַ זאָג געטון דער קאָמענדאַנט און זיך ציניש צעלאַכט — ווי קאָמיש דאָס קלינגט. דו ביזט אַ פרוי פון אַ באַזיגט פאָלק מיט וועלכער, אונדז זיגער, איז דערלויבט אַלץ צו טון. איך וואָלט דיך געקענט האָבן אַזוי ווי די הונדערטער אוקראַינערנס, וואָס איך האָב געהאַט פאַר דיר. נאָר דו זעסט אויס נישט אַזוי איינפאַך ווי יענע. דו זעסט אויס שטאָלצער פון יענע און טאַקע דאָס רייצט מיך. דערפאַר וויל איך דיך נישט נעמען מיט גוואַלט. איך וויל גערן האָבן פאַרגעניגן, אַז דו זאָלסט זיך מיר אָפּגעבן פרייוויליק.

אין קוך איז אַריינגעקומען דער קוכער מיט די צוויי אוקראַינערס. דער קאָמענדאַנט האָט נאָך באַוויזן אַ זאָג צו טון : „דו ועסט, שטאָלצע אוקראַינערן, מיינע הענט נישט אויסמיידן". און ער איז אַרויסגעגאַנגען. ווען נישט די דאָזיקע שמועסן מיט דעם קאָמענדאַנט, וועלכע האָבן אויף איר אָנגעוואָרפן אַ שרעק, וואָלט סאָניאַ געווען אינגאַנצן צופרידן פון איר איצטיקער לאַגע, וועלכע איז אין פאַרגלייך מיט איר לעבן אין קיעוו, דאָס לעצטע יאָר געווען אַ סך אַ בעסערע. די שווערע אַרבעט האָט איר אַזוי איינגעשלונגען, אַז דעם גאַנצן טאָג האָט זי נישט געהאַט ווען צו טראַכטן וועגן וואַסיען און וועגן גורל פון אירע אַלטע עלטערן.

אין אָוונט אָבער, נאָכדעם ווי זי פלעגט זיך אָנפרייען און טרייסטן מיט קאָסטיקן און אים אַוועקלייגן שלאָפן, האָט זי אָפט נאָך לאַנג געשמועסט מיט דער מומע מעלאַניע און דערציילט וועגן איר גליקלעך לעבן, וואָס זי האָט געהאַט ביז דער מלחמה. פון די דאָזיקע דעראינערונגען פלעגט איר ווערן אַזוי שווער דאָס געמיט,

אַז זי פלעגט זיך צודריקן צו דער גוטער מעלאַניע און לאַנג וויינען. די אַלטיטשקע האָט געגלעט אירע האָר און זי געטרייסט.

— וויין נישט, טייערינקע — האָט זי געזאָגט — אַלץ וועט ווי־דער זיין גוט. דער דייטש וועט זיכער האָבן די מפּלה, ווייל עס איז נאָך נישט געווען קיינער, וועלכער זאָל אונדזער „מאַטושקאַ ראָסיאַ" (מוטער רוסלאַנד) בייקומען. דער פראַנצויז איז שוין געווען אין מאָסקווע און דאָך האָבן אים אונדזערע בראַווע סאָלדאַטיקעס אַרויס־געטריבן פון אונדזער פאָטערלאַנד. ער איז אַנטלאָפן אַן אָפּגעריסע־נער און הונגעריקער. מיין זיידע, וועלכער האָט דאָס אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, האָט דערציילט, אַז נאַפּאָלעאָנס אַרמיי האָט געגעסן וואָראָנעס און קעץ. היטלער וועט אויך אַזוי געיאָגט ווערן פון אונדזער היימלאַנד און דאַן וועט וואַסיענקאַ צוריקקומען און איר וועט ווידער גליקלעך זיין.

די ווערטער פון דער גוטער פרוי האָבן סאָניען בארואיקט און אָנגעפילט מיט האָפענונג.

## קאַפּיטל 11

## קאָסטיק איז קראַנק

קאָסטיק איז געווען אַ לעבנס־לוסטיק קינד און פאַר זיינע 5 יאָר איז ער געווען זייער גוט אַנטוויקלט גייסטיק און פיזיש. גאַנצע טעג האָט ער זיך געשפּילט מיט זיינע נייע חברימלעך אויף דעם גרויסן קאָלכאָז־הויף און נישט האָבנדיק, ספּעציעל קיין מורא פאַר דער „באַבציע מעלאַניע", האָט ער זיך געפילט פריי און געטון אַן שטע־רונג אַלץ וואָס אים האָט זיך געגלוסט.

ווען עס איז אַראָפּגעפאַלן דער ערשטער שניי, האָט קאָסטיק פון אַ ברעטל געמאַכט אַן אימפּראָוויזירט שליטעלע און זיך געגליטשט פון באַרג, וואָס איז געווען נישט ווייט פון קאָלכאָז. דעם גאַנצן טאָג האָט ער פאַרבראַכט אויף דער פראָסטיקער לופט. בלויז פון צייט צו צייט, איז ער אַריינגעלאָפן אַ צעפאַרעטער אין הויז, כדי זיך

אָנצוטרינקען מיט קאַלטע וואַסער און איז ווידער אַרוים צו זיינע חברים.

אין אָוונט איז ער אַריינגעקומען אין דער וווינונג אינגאַנצן אַ נאַסער פון שניי און אַדורכגעפרוירענער. די „באַבציע מעלאַניע" האָט פון אים אַראָפּגענומען די נאַסע מלבושים און זיי אויפגעהאָנגען צו טריקענען איבערן אויוון און קאָסטיקן אַריינגעלייגט אין בעט, ווו ער איז אַ מידער באַלד איינגעשלאָפן. ווען סאָניע איז געקומען פון דער אַרבעט, צוגעגרייט דעם אָוונט־ברויט און אָנגעהויבן קאָסטיקן וועקן, ער זאָל גיין עסן, האָט ער זיך געבעטן, מען זאָל אים לאָזן שלאָפן, ווייל דער קאָפּ טוט אים וויי און ער איז נישט הונגעריק. סאָניאַ האָט באַאומרואיק צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיין שטערן און פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור.

אויף דעם צווייטן טאָג, ווען סאָניאַ איז אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט זי געבעטן מעלאַניען, זי זאָל קאָסטיקן נישט אַראָפּלאָזן פון בעט און אים נישט געבן קיין קאַלט וואַסער צום טרינקען. מיט אומגעדולד האָט זי שוין געוואַרט אויף דער ענדע פון דער אַרבעט. ווען זי איז געקומען אהיים האָט זי געטראָפן קאָסטיקן ליגן אין גרויס היץ, מיט אַ פאַרנעפּלטן, אומעטיקן בליק. מעלאַניע האָט גענעצהט רופן די „באַבע סעראַפימע", וועלכע איז געווען אַ ספּעציאַליסטן פון אָפּשפּרעכן אַן „עין הרע" און האָט אויך געהיילט פאַרשידענע קראַנקייטן מיט אַ געטראַנק פון וואַלד־גראָזן, וואָס זי פלעגט אַליין פּרעפּאַרירן. די „באַבע סעראַפימע" האָט באַטראַכט קאָסטיקן, אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

„דאָס קינד איז ערנסט קראַנק. איך צווייפל, צי מיינע קרויטעכצן וועלן אים העלפן. איך וואָלט געראַטן רופן אַ דאָקטאָר.

אין אַ שעה אַרום, איז שוין נעבן קאָסטיקן געשטאַנען דער איינציקער אוקראַינישער דאָקטאָר פון שטעטל.

— ער האָט אַ שטאַרקן לונגען־אָנצינדונג — האָט ער פעסטגעשטעלט — צום אומגליק האָבן די דייטשן רעקווויזירט די אַפּטייק, ווען נישט, וואָלט מיין אויפגאַבע געווען פיל לייכטער. מיר וועלן זיך מוזן באַגנוגענען בלויז מיט שטעלן באַנקעס, ווייל קיין שום מעדיקאַמענטן איז נישט צו באַקומען.

די באַנקעס האָבן נישט איבערגעריסן די היץ, וועלכע האָט גע־האַלטן אין איין שטייגן. סאָניאַ איז די גאַנצע נאַכט געזעסן מיט קאָמפּרעסן אויף די הענט, אים געקישט און געוויינט. דאָס קראַנקע קינד איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געקרעכצט, בלויז פון צייט צו צייט האָט ער אויסגעשריגן עפּעס נישט פאַרשטענדלעכע ווערטער אָדער גערופן זיינע חברים. סאָניאַ איז געווען שרעקלעך פאַרצווייפלט. זי האָט געפילט איר הילפלאָזיקייט און איינזאַמקייט. איר מוטערלעך האַרץ האָט געבלוטיקט, צוקוקנדיק זיך צו די ליידן פון איר איינציק געליבט קינד, וועלכע זי איז נישט אימשטאַנד צו שטילן.

אינדערפרי האָט זי געמוזט גיין צו דער אַרבעט. אַ באַרמהאַר־ציקע שכנה האָט צוגעזאָגט העלפן דער מומע מעלאַניע אויפּפּאַסן אויף דעם קראַנקן קינד. דער טאָג האָט זיך געצויגן אומענדלעך. יעדע שעה איז ביי סאָניען געווען ווי אַ יאָר. נאָך דעם מיטאָג האָט סאָניאַ אָפּגעוואַשן דאָס געשיר, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל פון קיך און שטיל געוויינט. זי האָט נישט באַמערקט ווי עס איז אַריינ־געקומען אין קוך דער קאָמענדאַנט. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויף איר אַקסל און מיט כלומרשטן מיטר לייד געפרעגט.

— וואָס וויינסטו, שיינע אוקראַינערין? וואָס פאַר אַן אומגליק האָט ביי דיר פּאַסירט?

סאָניאַ האָט אין דעם מאָמענט פאַרגעסן, אַז עס שטייט פאַר איר אַ דייטשער אָפיצער און זייענדיק גערירט פון זיין ווייכער שטים, דורך טרערן געזאָגט:

— אַ גרויס אומגליק האָט מיך געטראָפן. מיין קינד איז געפער־לעך קראַנק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג.

— דאָס איז נאָך נישט אַזוי שרעקלעך — האָט דער קאָמענ־דאַנט געזאָגט מיט אַ רואיקן טאָן — אויב דו ווינטשט זיך, קען איך שיקן צו דיר אונדזער מיליטערישן דאָקטאָר און מעדיקאַמענטן פעלן ביי אונדז אויך נישט.

— ווי דאַנקבאַר איך בין דיר, גוטער מענטש — האָט אויסגע־שריגן סאָניאַ מיט טרערן.

— אָבער — האָט פאַרגעזעצט דער דייטש — דערפאַר ווערסטו מוזן מיט מיר איין נאַכט פאַרברענגען.

ווי מיט אַ שפּיז אין האַרצן, האָבן איר אַ שטאָך געגעבן די ווער־טער פון דעם נאַציישן קאָמענדאַנט, דעם זון פון דער העבערער ראַסע, וועלכער האָט געוואָלט אויף אַזאַ עקלהאַפטן אופן אויסנוצן איר פאַרצווייפלטער לאַגע.

— ווען דו וועסט זיך דאָס ווינטשן, בין איך שטענדיק צו דיין דינסט, שטאָלצע אוקראַינערן — האָט ער אַרויסגייענדיק פון קוך אַ זאָג געטון מיט אַן איראָנישן שמייכל.

## קאַפּיטל 12

## איך וויל ראַטעווען מיין קינד

קאָסטיק איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַרויסגעוויזן שוואַכע סימנים פון לעבן. ער האָט זיך אַפילו נישט אָנגערופן אויף סאָניעס פאַרצווייפלטע רופן: „קאָסטיק, קאָסטינקאַ, מיין ליב קינד“. בלויז איינמאָל האָט ער אויפגעעפנט די אויגן און מיט אַ בלאָנ־דזשענדיקן בליק אַ קוק געטון אויף דער מוטער און זיי ווידער פאַר־מאַכט. ווען סאָניאַ האָט אויפסניי געבראַכט דעם אוקראַינישן דאָק־טאָר, האָט ער געזאָגט:

— אומזיסט האָט איר מיך גערופן, מיין טייערע. בלויז מעדי־קאַמענטן וואָלטן נאָך אפשר אים געהאָלפן, אָבער צום באַדויערן האָב איך זיי נישט — און אַרויסגייענדיק האָט ער צוגעגעבן — זיין צושטאַנד איז אַ האָפענונגסלאָזער.

סאָניאַ האָט געבראָכן די הענט אין פאַרצווייפלונג, געטוליעט דאָס קינד צו איר ברוסט, גערעדט צו אים און געוויינט.

— גאָטעניו! ווי שרעקלעך דו שטראָפסט מיך — האָט זי אויס־געשריגן — צי איז נאָך פאַראַן עפּעס שרעקלעכערס ווי די ליידן פון אַ מוטער, וואָס זעט, אַז איר קינד שטאַרבט און קען עס נישט העלפן...

ווען וואַסיאַ וואָלט יעצט געווען מיט אונדז... וואַסיאַ, מיין

טייערער! צי לעבסטו?... ווי אומגליקלעך, איינזאם איך בין... מיט וואָס וועל איך זיך פאַר דיר פאַרענטפערן, אַז איך האָב געלאָזט שטאַרבן קאָסטיקן, וועלכן דו האָסט אַזוי ליב געהאַט?...

עס האָבן איר געקלונגען אין די אויערן וואָסיעס לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעשריגן פון אַפגייענדיקן צוג: „פאַר יערן פרייז היט אָפּ אונדזער קאָסטיקן". און באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם קאָמענדאַנטס ציניש געלעכטער און זיין פראַזע: „ווען דו וועסט זיך ווינטשן, בין איך צו דיין דינסט, שטאָלצע אוקראַינערין".

דער דאָזיקער דייטש קען ראַטעווען מיין קינד — האָט זי געטראַכט — אָבער פאַר וועלכן גרויזאַמען פרייז, פאַר דעם פרייז פון מיין ערע... פאַראַטן מיין וואָסיען?... זיך אָפּגעבן דעם מערדער פון מיינע אָרעמע עלטערן און אפשר אויך פון מיין געליבטן מאַן?... ניין! דאָס איז שרעקלעך... גאָטעניו, ווייז מיר אַ וועג, ראַטעווע מיר מיין אָרעם קינד!...

סאָניאַ איז דערצויגן געוואָרן אין אַ קליין יידיש שטעטל אויף אוקראַינע, ביי אָרנטלעכע, אָנשטענדיקע עלטערן, ביי וועלכע די ריינקייט פון פאַמיליע־לעבן איז געווען איינע פון די הויפּט־יסודות.

סאָניאַ האָט מיט עקל און שרעק געטראַכט וועגן דעם פרייז וואָס דער דייטשער מערדער האָט געפאָדערט פאַרן ראַטעווען איר קינד.

זי האָט זיך צוגעקוקט צו קאָסטיקס ליידן און איר מוטער־האַרץ האָט זיך געשניטן...

„צו וועט מיר מיין געוויסן לאָזן רוען ביים געדאַנק, אַז איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו ראַטעווען מיין קינד און האָב דאָס נישט געטון?... צי האָב איך רעכט מקריב צו זיין דאָס אומשולדיקע לעבן, צוליב מיין קערפּערלעכע ריינקייט?... צי באַגיי איך נישט דערמיט קיין גרעסער פאַרברעכן אַלס מוטער און אַלס מענטש?

— האָט אין איר אַלץ געשריגן.

אַזאַ אינערלעכער קאַמף איז פאָרגעקומען אין סאָניען אַ גאַנצע נאַכט. אַ קאַמף צווישן אַן אָנשטענדיקער פרוי, וועלכע האָט ליב איר מאַן און אַ יידישע פרוי, וועלכע האָסט די מערדער פון אירע עלטערן, פון איין זייט, און אַ ליידנדיקער מוטער, וועלכע זעט ווי איר איינציק קינד שטאַרבט פון דער צווייטער זייט.

קאָסטיק האָט שווער געאָטעמט און איז מיט יעדער מינוט גע־וואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

סאָניאַ האָט געפילט, אַז זיינע שעהן זענען געציילטע.

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן; דורך די קליינע פענצטערלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַריינבאַקומען די גרויע שיין פון אַ נעפלדיקן פרי־מאָרגן. סאָניאַ האָט געהאַלטן דאָס שטאַרבנדיקע קינד אויף די הענט און געוויינט. פּלוצים האָט זיך קאָסטיק האַסטיק אַ וואָרף געטון און אָנגעהויבן רופן:

— „מאַמעניו ווו ביזטו, מאַמעניו?"

— „איך בין דאָך מיט דיר, מיין טייער קינד!" — האָט זי וויינענדיק געענטפערט.

קאָסטיק האָט געקוקט מיט האַלב־אָפענע אויגן אויף דער מוטער און זי נישט דערקענט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ ווייל און זיי באַלד ווידער אַמאָל אויפגעעפנט.

— „ווו איז דער פּאַפּקע? — האָט ער מיט אַ שוואַכער שטים געפרעגט — וואָס דערשלאָגט ער נישט גיכער דעם דייטש און קומט נישט צו אונדז... איך וויל צום פּאַפּקע..."

קאָסטיק איז אַנטשוויגן געוואָרן. מען האָט שוין קוים געהערט זיין אָטעמען.

— ניין! איך קען זיך מער נישט צוקוקן צו די ליידן פון מיין קינד! — האָט סאָניאַ אויסגעשריגן, — איך וויל ראַטעווען מיין קינד!

זי איז אַרויסגעלאָפן פון הויז און, ווי געיאָגט דורך עמיצן, גע־לאָפן איבער דעם טיפן שניי, וואָס איז איבער נאַכט אָנגעפאַלן, צו דער וווינונג פון קאָמענדאַנט.

— צו וועמען דאַרפסטו? — האָט איר שטרענג געפרעגט דער באַוואָפנטער דייטש, וואָס האָט באַוואַכט דעם אַריינגאַנג.

— מעלדע דעם קאָמענדאַנט, אַז סאָניאַ, די אַרבעטערין פון „סאָלדאַטן־היים" איז צו אים געקומען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען איר באַפוילן אַריינצוגיין. מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ האָט זי אויפגעעפנט די טיר און איז שטיין

געבליבן. דער קאָמענדאַנט איז נאָך געלעגן אין בעט און מיט אַ צופרידענער שטים געפרעגט:

— וואָס האָט דיך אַזוי פרי געבראַכט צו מיר, שטאָלצע אוקראַי־נערין?

— ראַטעווע מיר מיין קינד, — האָט סאָניאַ אויסגעשריגן — איך בין אויף אַלעם גרייט... נאָר ראַטעווע מיר מיין קינד, איַיל זיך, ווייל יעדע מינוט איז טייער.

— גיי אהיים, באַלד קום איך צו דיר מיט אונדזער דאָקטאָר.

## קאַפּיטל 13

### דער שרעקלעכער פּרייז

ווייניקער ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום איז אין מעלאַניעס ני־דעריקער כאַטקע אַריינגעקומען דער קאָמענדאַנט אין דער באַגליי־טונג פון אַ מיליטערישן דאָקטאָר. דער לעצטער האָט קאָסטיקן גע־מאַכט אַן איינשפּריצונג, איבערגעלאָזט מעדיקאַמענטן און איז אַוועקגעגאַנגען, צוזאָגנדיק אין עטלעכע שעה אַרום ווידער צו קומען. דער קאָמענדאַנט האָט דערלויבט סאָניען נישט גיין צו דער אַרבעט און מיט אַ פאַטערלעכן טאָן געהייסן איינגעבן קאָסטיקן פּינקטלעך די רפואות. ביז נאַכט איז דער דאָקטאָר נאָך צוויי מאָל געווען און מיט צופרידנקייט פעסטגעשטעלט, אַז די היץ ביים קינד הויבט אָן צו פאַלן. אַזוי איז געווען אויפן צווייטן און דריטן טאָג.

אין אַ וואָך אַרום האָט דער דאָקטאָר פעסטגעשטעלט, אַז קיין לעבנס־געפאַר דראָט שוין נישט דעם קינד; ער דאַרף בלויז אַ זאָרג־פעליקע פלעגע. סאָניאַ איז געווען אַזוי גליקלעך, זעענדיק ווי איר געליבט קינד נעמט זיך ווידער אָן מיט כוחות, ווי ער לאַכט שוין און שטיפט, אַז אין דעם מאָמענט האָט זי פאַרגעסן וועגן דעם פאַר־לאַנג פון קאָמענדאַנט, וואָס זי וועט דאַרפן אויספירן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איז שוין קאָסטיקס געזונטצושטאַנד געווען אויף אַזוי פיל גוט, אַז סאָניאַ האָט אים געקענט רואיק איבערלאָזן אונטער מעלאַניעס אויפזיכט און גיין צו דער אַרבעט.

דער קאָמענדאַנט איז יעדן טאָג, נאָך דעם מיטאָג, אַריינגעקומען אין קוך, זיך געפּרעגט אויף קאַסטיקס געזונט, אָפּטמאָל איבערגע־לאָזט אַפילו פּאָר קאַסטיקן צוקערלעך, אָדער שאָקאָלאַד. ער האָט קיין איין מאָל נישט דערמאָנט אין משך פון די ערשטע פּאָר וואָכן, וועגן סאָניעס צוזאָג. זי האָט אַפילו אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דער קאָמענדאַנט האָט דאָס נישט געמיינט ערנסט און האָט זיך בלויז געוויצלט, ווען ער האָט פאַרגעלייגט, צו ראַטעווען איר קינד פאַרן פרייז פון איר ווירדע.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט איר צוביסלעך באַרואיקט און ווען דער דייטש פלעגט אַריינקומען אין קוך, האָט זי אים העפלעך באַ־גריסט. איינמאָל איז ער אַריינגעקומען אין קוך, ווען עס איז אויסער סאָניען גראָד קיינער נישט געווען. ער איז צו איר צוגעגאַנגען, זי אָנגענומען מיט צוויי פינגער ביי דעם קין און אַריינקוקנדיק אין אירע אויגן מיט אַן ערנסטן טאָן געזאָגט:

— דו מיינסט, אַז איך וועל נאָך לאַנג דולדן דיין אומדאַנקבאַר־קייט? איך האָב געראַטעוועט דיין קינד, נישט צוליב מיין ליבע צו די אוקראַינישע קינדער, נאָר בכדי צו האָבן דאָס פאַרגעניגן, אַז דו, שטאָלצע אוקראַינערין, זאָלסט פרייוויליק מיט מיר פאַרברענגען... היינט אין אָוונט קומסטו צו מיר!

מיט די ווערטער האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעגאַנגען. סאָניאַ איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט. — „דאָס איז נישט קיין וויץ, — האָט זי אַ טראַכט געטון — דאָס איז די שווידערלעכע ווירק־לעכקייט... איך מוז באַצאָלן פאַר דער רעטונג פון מיין קינד".

דער דאָזיקער געדאַנק האָט ווי אַ שווערער באַרג זיך אַרויפגע־רוקט אויף אירע אַקסלען און זיי געדריקט. זי האָט פיבערהאַפטיק געאַרבעט און אירע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אַרום איר אומגליק־לעכער לאַגע. זי האָט געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל זיך ציען וואָס לענ־גער און די שרעקלעכע נאַכט זאָל קיינמאָל נישט אָנקומען. מיט לאַנג־זאַמע טריט האָט זי זיך נאָך דער אַרבעט אומגעקערט אַהיים. זי האָט נישט געענטפערט אויף קאַסטיקס צערטלעכקייטן, זיך אַוועק־געזעצט אויפן בעט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף די הענט און שוואַר־צע געדאַנקען האָבן איר באַהערשט. — „ווי אַזוי וועל איך קענען

לעבן נאָך דעם שענדלעכן טאַט? ווי אַזוי וועל איך קענען וואַסיען אין די אויגן קוקן?... ניין. איידער אַזאַ שאַנדע איז בעסער דער טויט... בעסער באַגיין זעלבסטמאָרד!!!"

באַלד איז איר אָבער אַרויפגעקומען אַן אַנדער געדאַנק: „צוליב דעם האָב איך קאָסטיקן אַרויסגעריסן פון די נעגל פון טויט, כדי אים איצט צו מאַכן פאַר אַ קליינלעכדיקן יתום ער זאָל זיך אַרומדרייען אויף פרעמדע הויפן, ווערן דערצויגן דורך פרעמדע מענטשן, ליידן דערנידעריקונגען, הונגער און נויט?... צי וועט ער מיר, אַז ער וועט אויסוואַקסן, גיכער מוחל זיין דאָס, וואָס איך האָב אים, אַן אומבאַהאָלפענעם פאַרלאָזט, ווי דאָס, וואָס איך האָב מיין ערע אַלס פרוי מקריב געווען, בכדי זיין לעבן צו ראַטעווען?... ניין, איצט טאָר איך דאָס נישט טאָן. איך וועל דאָס באַווייזן צו טאָן, ווען ער וועט זיך מער נישט נויטיקן אין מיין הילף, אָדער ווען זיין פאָטער וועט זיך צוריק אומקערן..."

איר געדאַנקען־גאַנג האָט איבערגעשלאָגן דאָס אַריינקומען פון אַ דייטשן סאָלדאַט. ער האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דעם געווער און מיט אַ באַפעלערישן טאָן געזאָגט:

— דער הער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן זאָפאָרט ברענגען צו אים די פרוי סאָניאַ!

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ פאַראורטיילטע צום טויט, איז סאָניאַ געגאַנגען נאָך דעם סאָלדאַט. אין עטלעכע מינוט זענען זיי שוין געווען נעבן דעם קאָמענדאַנטס וווינונג. דער סאָלדאַט האָט אויפגעעפנט די טיר און באַפוילן סאָניען אַריינגיין. זי איז שטיין געבליבן אויפן שוועל און מיט אַ דערשראָקענעם בליק געפירט איבער דעם העל־באַלויכטענעם צימער. אויף די ווענט זענען געהאַנגען פיל בילדער פון פרויען און אויך אַ גיטאַרע.

— שרעק זיך נישט, שיינע אוקראַינערין, קום אַריין. — האָט זיך געווענדעט צו איר דער קאָמענדאַנט, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן צימער, אָנגעטאָן אין אַ רויטן, סאַמעטענעם שלאָף־ראָק.

זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און געציטערט פון שרעק און אויפרעגונג. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ טישל, סערווירט פאַר צוויי פערזאָן. איר בליק האָט זיך אַביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף

דער האַלב־רונדיקער פלאַש מיט קאָניאַק, וואָס האָט געפינקלט אַנט־קעגן דער שיין, פון אַ גרויסער נאַפט־לאָמפּ, וואָס האָט געברענט אויף אַ צווייט טישל. דער קאָמענדאַנט האָט באַמערקט איר בליק, אָנ־געגאָסן אַ גלאָז קאָניאַק און איר דערלאַנגט.

— טרינק אויס, וועסטו זיך דערוואַרעמען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ ווייכער שטים — דו ציטערסט אינגאַנצן, ביזט ווייזט אויס, געפרוירן.

סאָניאַ האָט אין איין מאָל אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע גלאָז. — „ביים־צו", — האָט ער געזאָגט, צופירנדיק זי פאַר דער האַנט צום טישל. אַ וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן איבער איר גאַנצן קערפּער און אין קאָפּ האָט אָנגעפאַנגען אַביסל רוישן. זי האָט אויסגעשטרעקט צום קאָמענדאַנט דאָס ליידיקע גלאָז און אַ זאָג געטון: „נאָך". ער האָט אַ צעשמייכלטער איר אָנגעגאָסן דאָס צווייטע גלאָז. סאָניאַ האָט עס מיט איין אָטעם אויסגעטרונקען.

— אָ, איך האָב געמיינט, אַז רוסן האָבן ליב, נאָר „וואָדקאַ", איך זע, אַז קאָניאַק שמעקט זיי אויך — האָט געזאָגט דער קאָמענדאַנט און זיך אַליין צעלאַכט פון זיין חכמה. ווי אַ ווייטער עכאָ, האָט אָפּ־געקלונגען אין אירע אויערן זיין געלעכטער. דאָס צימער איז מיטאַמאָל געוואָרן גרעסער און נאָך ליכטיקער און פּלוצים האָט זיך אַלץ אַרום איר אָנגעהויבן צו דרייען: די בילדער אויף די ווענט, די גיטאַרע, דער קאָמענדאַנט. זיין רויטער שלאָף־ראָק איז ווי צעגאָסן געוואָרן און אַלעם אַרום פאַרדעקט מיט זיין רויטקייט... די רויטע כוואַליע האָט זיך צו איר דערנענטערט, צוויי גרויסע האַריקע הענט האָבן זיך פון דער כוואַליע אַרויסגערוקט און געוואָלט זי אַרומנעמען... זי האָט זיך דער־שראָקן פאַר די הענט, זיי אָפּגעשטויסן פון זיך און מיט וואַקלענדיקע טריט צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, אַראָפּגענומען די גיטאַרע און מיט אַ האַלב־שיכורער שטימע אָנגעהויבן זינגען:

„שפּיל גיטאַרע, קלינג־זשע סטרונעס, מיך פאַרשטיין
קענסטו אַליין,
„שפּיל, אַז אַלץ זאָל פאַרשווינדן, און דאָס האַרץ זאָל בלייבן
שטיין"...

אַ פרעמד מענעריש געזיכט האָט זיך צו איר דערנענטערט. ווי

קאָמיש דאָס געזיכט זעט אויס: מיט פיר אויגן, צוויי מיילער, צוויי נעזער...״ כאַ־כאַ־כאַ! ווי פריילעך עס איז מיט אַמאָל געוואָרן אויף דער נשמה... אָבער וואָס רוישט אַזוי שטאַרק אין קאָפּ?... וואָס דרייט זיך דאָס צימער מיט אַזאַ געשווינדקייט?... איך וועל באַלד אומ־פאַלן״... סאָניאַ כאַפּט זיך אָן ביים טישטוך פון טישל... מיט אַ הילכיקן קלאַנג, פליט אַלץ פון טישל אויף דער ערד... עס ווערט איר מיטאַמאָל פינצטער אין די אויגן און עס דאַכט זיך איר, אַז זי הויבט אָן איינזונקען אין אַן אָפּגרונט.

## קאַפּיטל 14

### אין דער נאַכט פון ניי־יאָר

סאָניאַ האָט אויפגעעפנט די אויגן און מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק זיך אַרומגעקוקט. אַ זונען־שטראַל האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די האַלב־פאַרפרוירענע שויבן און מיט אַ העלן פלעק געפאַלן אויף דעם דיל. פון צווייטן צימער האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקער קלאַנג פון זייגער. אין דעם שווערן קאָפּ וואָס איז געווען ווי מיט בליי אָנגעגאָסן, האָט זי געפילט אַ טעמפּן ווייטיק. — „וווּ בין איך?״ — האָט זי אַ טראַכט געטון. איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם דייטשן אָפיצירן־מונדיר, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ שטול און זי האָט זיך אין אַלץ דערמאָנט, — זי איז ביים קאָמענדאַנט אין וווינונג... זי איז אין זיינע הענט... זי האָט אַ ציי געטון די קאָלדרע און פאַרדעקט איר אַנטבלויזטן קערפּער.

— גאָט מיינער! — עס איז געשען! — האָט זי אויסגעשריגן.
— עס איז מקוים געוואָרן מיין פאָטערס קללה: „זאָלסט אַזוי פאַר־שעמט ווערן, ווי דו האָסט מיך פאַרשעמט״, — און טרערן פון חרפּה, און ווייטיק, האָבן זיך אַ גאָס געטון פון אירע אויגן.

איצט האָט זי באַגריפן די גאַנצע שווידערלעכקייט פון איר שענד־לעכן טאַט. „איך קען נישט לעבן מיט אָט דעם שרעקלעכן פלעק אויף מיין געוויסן, — האָט זי געטראַכט — בעסער דער טויט! מיין אָרעם קינד... איך האָב דיך פון נעכטן אָן נישט געזען״. זי איז אַראָפּגע־

שפּרונגען פון בעט, אַרויסגעצויגן אויף זיך די מלבושים, וועלכע זענען געלעגן צעוואָרפן אויף דעם דיל און אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

עס איז געווען אַ פּראַסטיקער פרימאָרגן.

די קרומע שטראַלן פון דער ווינטערדיקער זון האָבן זיך ווי גע־שפּילט מיט דעם בלאַנקענדיקן שניי, וואָס האָט פאַרדעקט די וועגן און די קליינע פויערישע כאַטקעס. געיאָגט דורך דעם פראָסט, האָבן זיך די מענטשן שנעל באַוועגט. סאָניאַ איז מיט גיכע טריט געלאָפן אַהיים. זי האָט נישט געקוקט אויף די דורכגייער; עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַלע ווייסן פון איר פאַרברעכן און באַגלייטן זי מיט בליקן פול מיט עקל און פאַראַכטונג. ווען זי איז אַריינגעלאָפן אין הויז, איז איר קאָסטיק אַרויסגעפאַלן אויף דעם האַלדז און מיט אַ פאָרוואורף געזאָגט: „דו האָסט שוין נישט ליב קאָסטיקן; דו לאָזט אים שלאָפן אַליין. איך וועל דערציילן דעם פּאַפּקע". סאָניאַ האָט אים געקושט און געצערטלט:

— שוין צוויי מאָל איז מען געווען פרעגן פון „סאָלדאַטן־היים", פאַרוואָס דו ביזט נישט געקומען צו דער אַרבעט — האָט געזאָגט מעלאַניע — עס איז שוין שפּעט, אייל זיך!

סאָניאַ האָט נאָך אַמאָל צוגעדריקט דאָס קינד צו איר האַרץ און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט.

נאָך מיטאָג איז, ווי יעדן טאָג, דער קאָמענדאַנט אַריין אין קוך, זיך באַגריסט, ווי שטענדיק געפרעגט סאָניען, וואָס דאָס קינד מאַכט און איז אַרויסגעגאַנגען.

אַ חודש צייט איז פאַריבער זייט סאָניעס באַזוך ביים קאָמענ־דאַנט. ער האָט די גאַנצע צייט מיט קיין איין וואָרט נישט פאַראַטן דאָס, וואָס האָט זיי געבונדן נאָך יענער שרעקלעכער נאַכט.

ערב ניי־יאָר. סאָניאַ האָט אין די אָוונטן געבראַכט אין אָרדענונג זייער אָרעמע וווינונג, אויסגעקאַלכט די ווענט, אויסגעשמירט מיט געלן ליים דעם דיל און פאַר די אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע מאַרק געקויפט ווייצענע מעל, פון וועלכעס די אַלטע מעלאַניע האָט אָפּגעבאַקן אַ געשמאַקן קוכן אויפן יום־טוב, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ יונג בוימל, אַ „יאָלקע", וועלכע סאָניאַ האָט באַפּוצט מיט קאָלירטע פּאַ־פּירלעך און וואַקסענע קליינע ליכטעלעך. אין אַ געדריקטער שטי־

מונג איז דורכגעגאַנגען דער יום־טובדיקער אוּנטער־ברויט. די דאָזיקע שטימונג איז אַפילו נישט אימשטאַנד געווען צו צעטרייבן קאַסטיקס הילכיקער, זאָרגלאָזער געלעכטער און זיין טאַנצן אַרום דער „יאָלקע".

קאַסטיק איז אַרום 10 אַזייגער אַ מידער איינגעשלאָפן און די צוויי איינזאַמע פרויען האָבן שטיל גערעדט. סאָניאַ האָט שוין צום וויפלסטן מאָל דערציילט פון איר רואיק, גוט לעבן מיט וואַסיען; זי האָט געשילדערט די נייַ־יאָר פאַרווייַלונגען אין קיעוו, אין דעם אָפיצירן־קלוב. פּלוצים האָט זיך אויפגעעפנט די טיר! עס איז אַרייַנגעקומען אין דער נידעריקער וווינונג אַ באַוואָפנטער דייטש און געמאָלדן:

— דער הער קאָמענדאַנט און די אָפיצירן פון אונדזער גאַרניזאָן פאַרווייַלן זיך אין זיין וווינונג, און ער האָט באַפוילן, אַז די פרוי סאָניאַ זאָל זאָפאָרט אַהינקומען, בכדי צו זינגען רוסישע לידער און שפּילן אויף דער גיטאַרע.

— עס איז דאָך איצט ערב נייַ־יאָר — האָט סאָניאַ אַרויסגעשטאַמלט, נאָכדעם, ווי זי איז געקומען אַביסל צו זיך, נאָך דער שרעקלעכער מעלדונג פונעם דייטשן זעלנער.

— „יאַוואָל!" — האָט רואיק געזאָגט דער דייטש — וועט די פרוי סאָניאַ האָבן די ערע צו באַגעגענען דאָס נייַ־יאָר אין דער געזעלשאַפט פון דייטשע אָפיצירן.

סאָניאַ איז געבליבן שטיין אַ פאַרצווייפלטע און געקוקט אויף מעלאַניען.

— גיי, מיין טייערינקע — האָט געזאָגט די אַלטע — עס איז געפערלעך צו צעבייזערן דעם קאָמענדאַנט, דו ווייסט דאָך אויף וואָס זיי זענען פעאיק. גיי און גאָט זאָל דיך באַשיצן.

און דער דאָזיקער נאַכט טאַקע האָבן די פאַרטיזאַנער געטראָפן סאָניען אין דעם קאָמענדאַנטס וווינונג.

# קאַפּיטל 15

## סאָניאַ ווערט אַ פּאַרטיזאַנערין

די פּאַרטיזאַנער און פּאַרטיזאַנערינס זענען געזעסן מיט ערנסטע פּנימער אַרום דעם אויסגעלאָשענעם פייער. אַלע זענען געווען טיף דערשיטערט פון דער שוידערלעכער טראַגעדיע, וואָס סאָניאַ האָט געשילדערט. נאָך אַ קורצער פּויזע האָט סאָניאַ אויפגעהויבן איר קאָפּ. אויף דעם בלאַסן געזיכט איז געווען אַן אויסדרוק פון אַנטשלאָסנקייט.

— גוטע מענטשן! — האָט זי זיך געווענדעט צו אונדז, — די מילדסטע שטראָף, וואָס מיר קומט איז דער טויט. איך בין גרייט צו באַצאָלן מיט מיין לעבן פאַר דעם פאַרברעכן, וואָס איך בין באַגאַנגען, נאָר איין ביטע האָב איך צו אייך. דערפילט דעם ווונטש פון אַן אומגליקלעכער מוטער און נעמט מיין קאָסטיקן צו זיך, וואָס עס וועט זיין מיט אייך וועט זיין אויך מיט אים. די אַלטע מעלאַניע וועט שוין לאַנג נישט לעבן און נאָך איר טויט וועט מיין קאָסטיק בלייבן אינגאַנצן איינזאַם. ווען איך וועל וויסן, אַז קאָסטיק איז געבליבן אין זיכערע הענט, וועל איך שטאַרבן מיט אַ רואיק געמיט.

איינער פון די פּאַרטיזאַנערס, וואָס איז געזעסן נעבן סאָניען, האָט ביי די ווערטער אַרומגענומען די אומגליקלעכע פרוי; זי צוגעדריקט צום האַרצן און מיט טרערן אין די אויגן אויסגעשריען:

— זיי, די היטלעריסטישע מערדער, קומט טויט־שטראָף, נישט דיר. דו ביזט נישט קיין פאַרברעכערין, נאָר אַן אומגליקלעכער קרבן פון אָט דער דייטשער בעסטיע!

די דאָזיקע ווערטער זענען געווען אייגנטלעך דער אויסדרוק פון אונדזער אַלעמענס מיינונג, און איך האָב געפרעגט מיינע חברים:

— ווער פון אייך וויל גיין קיין ראַזוואַזשעוו ברענגען קאָסטיקן?

איך, איך, איך — האָבן אַלע אין איין קול געענטפערט.

דעם זעלבן אָוונט איז אַ פּאַרטיזאַנערין מיט מיין זון אוועקגעפאָרן אויף אַ שליטן קיין ראַזוואַזשעוו. די פּאַרטיזאַנערין, אָנגעטון אַלס פּויערטע איז אַריינגעגאַנגען צו דער מומע מעלאַניע און איר

איבערגעגעבן סאָניעס ווונטש. די אַלטיטשקע האָט אַרויסגעפירט קאָסטיקן הינטערן שטעטל אויף דעם באַשטימטן אָרט, ווו מיין זון האָט געוואַרט. איינגעוויקלט אין אַ פעלץ, האָבן זיי קאָסטיקן אַוועק־געפירט אין מיין לאַגער און אויף דער צווייטער נאַכט איז ער שוין געווען אין די אָרעמס פון דער גליקלעכער מוטער. איך האָב סאָניען פאַרגעלייגט צו אַרבעטן אין „סאַן־באַט" (סאַניטאַר־אָפּטיילונג), וועלכער האָט נישט אַנטיילגענומען אין די קאַמפן און אַזוי אַרום וואָלט זי זיך נישט געשיידט מיט קאָסטיקן. זי האָט זיך אָבער קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט.

— איך וויל זיין אַ געווינלעכער „באָיעץ" (סאָלדאַט); איך וויל מיט מיינע אייגענע הענט וואָס מערער דייטשן טויטן; איך וויל נעמען נקמה פאַר מיינע עלטערן און פאַר מיין דערנידערונג.

קאָסטיק איז געוואָרן דער ליבלינג פון אַלע פאַרטיזאַנער, פון וועלכע פיל האָבן אַליין איבערגעלאָזט קינדער אויף יענער זייט פראָנט, און נאָך ביי אַ גרעסערער טייל האָבן די דייטשן זייערע קינדער דערמאָרדעט. איצט האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט זייערע פאָטערלעכע געפילן אויסצודריקן אויף קאָסטיקן, וועלכער איז דערצו געווען אַ זייער שיין און קלוג קינד. יעדער פאַרטיזאַנער האָט גע־האַלטן פאַר זיין חוב, אומקערנדיק זיך פון אַן אָפּעראַציע, צו ברענגען אַ מתנה פאַר „אונדזער קאָסטיקן", ווי אַלע האָבן אים גערופן.

, איינגיכן האָט זיך סאָניאַ אַרויסגעוויזן פאַר איינע פון די דרייסטד־סטע פאַרטיזאַנערינס. זי האָט אָן שרעק אָנטייל גענומען אין די גע־פערלעכסטע קאַמפן. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען איר צו דער־מאָנען, אַז זי זאָל נישט ריזיקירן אַזוי מיט דעם לעבן, ווייל קאָסטיק איז נאָך צו יונג, אויף צו בלייבן אַ קיילעכדיקער יתום. אין דער פרייער צייט, צווישן איין אָפּעראַציע און דער צווייטער, פלעגט זי זיך אויסזוכן אַרבעט און דאָס, וואָס אַ שווערערע, געפינענדיק אין דעם אַ פאַרגעסונג. זי איז שטענדיק געווען ערנסט און פאַרטראַכט. אויף איר שיין געזיכט האָט זיך קיינמאָל קיין שמייכל נישט באַוויזן. מיט אַלע פאַרטיזאַנער איז זי געווען זייער העפלעך, אָבער זי האָט זיך מיט קיינעם נישט באַפריינדעט און נישט גענומען קיין אָנטייל אין אונדזערע פאַרוויילונגען. בלויז מיט וואַסיאַס חבר, מיט סאַשאַ

יאַקימטשוק, וועמען זי האָט געקענט נאָך פון קיעוו האָט זי גערן פאַרבראַכט. צו מיר מיט מיין זון האָט זי געפילט אַ גרויסע צוגע־בונדנקייט און ווען עס איז איר געווען באַזונדערס שווער אויפן האַרצן, פלעגט זי אַריינגיין אין אונדזער געצעלט און אַ זאָג טאָן מיט אַ שמייכל:

— עס בענקט זיך נאָך אונדזערע וואָלינער יידן. לאָמיר דיאַדיאַ מישאַ, אַביסל רעדן וועגן זיי.

איך האָב גערן געהערט אירע דערציילונגען וועגן דעם לעבן אין קאַראַסטישעוו, ווו זי האָט אירע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט; וועגן דער גליקלעכער צייט, ווען זי האָט געוווינט אין קיעוו. איך האָב געזען, אַז די דאָזיקע שמועסן צעטרייבן איר טרויער.

6 חדשים זענען פאַריבער זינט אונזער איבערפאַל אויף ראָזוואַ־זשעוו.

דער ראַדיאָ האָט יעדן טאָג געבראַכט פריילעכע ידיעות וועגן די זיגן פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט פאַרנומען איין שטאָט נאָך דער צווייטער און דערנענטערט זיך צום דניעפּר. אין די וועל־דער פון זשיטאָמיר און קיעווער אַבלאַסט, האָבן לויט אַ באַפעל פון דעם הויפּט־שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, זיך קאָנצענ־טרירט פיל פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען און אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם גליקלעכן מאָמענט, ווען מען וועט זיך צוזאַמענטרעפן מיט דער רויטער אַרמיי. אַ 15 קילאָמעטער פון מיין לאַגער, האָט זיך איינגעאָרדנט זשילינס פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. עס איז געווען ביי אונדז איינגעפירט, אַז די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אין שכנות, פלעגן זיך בייטן מיט „סוויאַזנאָיע" (פאַרבינד־לער). דאָס איז געטאָן געוואָרן, בכדי אין פאַל פון עפּעס אַ געפאַר, אָדער אַ געמיינזאַמער אַקציע, זאָל מען קענען וועגן דעם מיטטיילן דורך דעם „סוויאַזנאָי", וועלכער האָט געקענט דאָס אָרט און דעם נאָענטסטן וועג צום שכנותדיקן „אָטריאַד". דער דאָזיקער „סוויאַז־נאָי", האָט זיך געפונען אין 2־טן „אָטריאַד" 9—10 טעג און דאַן האָט מען געשיקט אַ צווייטן. אַלס אַזעלכן האָב איך געשיקט צו זשילינען דעם פּאַרטיזאַנער סאַשאַ יאַקימטשוק. גרויס איז געווען מיין פאַרוווּנדערונג, ווען דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג, האָט ער זיך

אומגעקערט צוריק. ער איז צוגעפאָרן צו מיר, אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און מיט אַ סודות־פולער שטים געזאָגט: „דיאַדיאַ מישאַ, איך האָב מיטצוטיילן זייער אינטערעסאַנטע נייעס". מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייט אויף דעם גראָז און אָט וואָס סאַשאַ האָט מיר דערציילט:

— שטעל זיך פאָר, אַז סאָניאַס מאַן, מיין חבר וואַסיאַ זאָרין, געפינט זיך אין זשילינס „אַטריאַד".

זיין מיטטיילונג האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק און איך האָב אים געפרעגט:

— דו האָסט אים געזאָגט, אַז סאָניאַ מיט קאָסטיקן זענען ביי אונדז?

— ניין. איך האָב באַשלאָסן פריער מיט דיר זיך צו באַראַטן. ווען ער האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב עפּעס געהערט וועגן סאָניען, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך ווייס בלויז, אַז זי האָט זיך נישט באַוויזן צו עוואַקויִרן.

— גוט האָסטו געטאָן, ווייל נאָכדעם, וואָס סאָניאַ האָט איבער־געלעבט, דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק און צוגרייטן זיי צו דער דאָזיקער באַגעגעניש.

אין עטלעכע מינוטן אַרום זענען שוין געזעסן אין שטאַב די זעלבע פּאַרטיזאַנער און פּאַרטיזאַנערינס, וואָס זענען ביי געווען בשעת סאָניאַ האָט דערציילט איר ביאָגראַפיע, און סאַשאַ האָט זיי מיט אַלע איינצלהייטן איבערגעגעבן וועגן זיין באַגעגעניש מיט סאָניאַס מאַן.

די פאַרזאַמלטע האָבן מיט גרויס נייגיריקייט אויסגעהערט זיין דערציילונג און זיך אָנגעהויבן באַראַטן ווי אַזוי סאָניאַן מיטצוטיילן וועגן דעם. די מיינונגען האָבן זיך צעטיילט. די מענער זענען געווען דערפאַר, אַז מען זאָל אַריינרופן סאָניען און אין אַ דעליקאַטער פאָרם, נישט מיט איין מאָל, צוגעוווינען איר צום געדאַנק, אַז איר מאַן לעבט און איר געבן אַ האָפענונג, אַז זי וועט זיך מיט אים אינ־גיכן טרעפן.

, די פרויען, דאַקעגן, האָבן געראַטן, אַז איך זאָל פאָרן אין זשילינס אַטריאַד זיך באַקענען מיט וואַסיאַן און זען, וואָס ער שטעלט מיט

זיך פאַר, אפשר איז ער אַ ברוטאַלער מענטש, וועלכער וועט שלעכט פאַרשטיין סאָניאַס אומגליק־פאַל און נישט וועלן איר מוחל זיין. דאָן איז, לויט דער מיינונג פון די פאַרטיזאַנערינס, בעסער זיי נישט צוזאַמענפירן און עס זאָל אַלץ בלייבן ווי ביז איצט. בשעת אונדזער באַראַטונג איז סאָניאַ צופעליק אַריינגעקומען אין שטאַב. זעענדיק אונדזערע ערנסטע פנימער, האָט זי געזאָגט: „אויב איך שטער אייך, וועל איך אַרויסגיין".

— ניין, סאָניאַ, — האָב איך געזאָגט — דו קענסט בלייבן.

סאַשאַ דערציילט אונדז, וואָס ער האָט געזען און געהערט און ווי דורך אַגב, האָב איך צוגעגעבן — די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס זענען געקומען פון מערב, האָבן אין זייערע רייען זייער פיל געוועזענע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זיי האָבן באַפרייט פון די דייטשע לאַגערן. מעגלעך, אַז דיין וואַסיאַ איז אויך ערגעץ פאַראַן צווישן דער דאָזיקער חברה.

— איך גלויב נישט דערין — האָט סאָניאַ טרויעריק געזאָגט.

— ווייל וואַסיאַ, מיט זיין דרייסטקייט און פאַטריאָטיזם, וואָלט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט פאַנגען אַ לעבעדיקער דורך דייטשן, אַזוי, אַז ער האָט אין די לאַגערן נישט געקענט זיין. אָ, ווען מיין וואַסיאַ לעבט, וואָלט ער דורך אייזערנע ווענט זיך דערשלאָגן צו מיר.

— דו ביזט זייער נאַאיוו, סאָניאַ, — האָב איך איר געענטפערט — דו ווייסט נישט, אַז אין די ערשטע טעג פון קריג, איז דער דייטשער אָנגריף געווען אַזוי אומדערוואַרטעט און שטאַרק, אַז גאַנצע אָפּטיילונגען זענען אַריינגעפאַלן אין אַרומרינגלונג און געוואָרן געפאַנגען. אויב וואַסיאַ איז צווישן די דאָזיקע, האָט ער געקענט ווערן אַרויסגעפירט ערגעץ אין איינע פון די ווייטע, אָקופּירטע דורך דעם דייטש מדינות, און ביי זיין גרעסטער ליבע צו דיר און צו קאָסטיקן, איז ער נישט אימשטאַנד זיך אַרויסצובאַקומען פון די דייטשע הענט. איבעריקנס, טאָר אַ מענטש נישט זען אַלץ אין אַזעלכע פינצטערע פאַרבן. מיט האָפענונג איז לייכטער צו לעבן אויף דער וועלט.

— און דאָך, האָב איך אַלע האָפענונגען פאַרלוירן — האָט מיט רעזיגנאַציע געזאָגט סאָניאַ.

— און דאָך — האָב איך מיט אַ וויציקן טאָן צוגעגעבן — לעבט

ערגעץ דיין וואַסיאַ, און מעגלעך, אַז איצט, ווען דו האָסט אַלע האָפ־
פענונגען פאַרלוירן, קלאַפּט ער פונקט דורך די אייזערנע וואַנט, וועגן
וועלכער האָסט פריער דערמאָנט, כדי זיך גיכער צו דערשלאָגן צו
זיין טייערע פרוי און זיס יינגעלע.

סאָניאַ האָט טרויעריק געשאָקלט מיט דעם קאָפּ אויף „ניין“.

— וואָס וואָלט פונדעסטוועגן געווען, ווען דיין וואַסיאַ זוכט
זיך אָפּ? — האָב איך געפרעגט.

דאַן וואָלט קאַסטיק געהאַט אַ גוטן אָרנטלעכן פאָטער — האָט
סאָניאַ רואיק געענטפערט.

— און דו אַ גוטן מאַן וואָלסט נישט געהאַט? — האָב איך אַ
פרעג געטאָן.

סאָניאַ האָט גאָרנישט געענטפערט. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין
אירע אויגן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגעגאַנגען פון געֿ
צעלט, איבערלאָזנדיק אַ געדריקטע שטימונג. עס איז באַשלאָסן געֿ
וואָרן צו טאָן אַזוי, ווי די פרויען האָבן געוואָלט און אויף דעם
צווייטן אינדערפרי, בין איך אין באַגלייטונג פון סאַשאַ יאַקימטשוק
און נאָך צוויי פּאַרטיזאַנער אַוועקגעפאָרן אין זשילינס אָטריאַד, כדי
זיך צו באַקענען מיט וואַסיען.

ווען איך האָב זשילינען דערציילט מיט וואָס פאַראַ מיסיע איך
בין צו אים געקומען, האָט ער זיך אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט
דערמיט און באַפוילן צו שיקן צו אונדז וואַסיאַ זאָרין.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז צוגעקומען צו דעם איבערגעקערטן
בוים, אויף וועלכן מיר זענען געזעסן, אַ פּאַרטיזאַנער פון אַ יאָר
27—28 מיט בלויע אויגן, בלאָנדע האָר און אַ גוטמיטיקן אָפענעם
געזיכט. זשילין האָט אונדז באַקאַנט און זיך געווענדעט צו זאָרינען.

— דער „ראַדיאָ מישאַ“, קלייבט זיך דורכצופירן אַ דיווערסיע
אין קיעוו און נויטיקט זיך אין פּאַרטיזאַנער, וועלכע קענען גוט די
שטאָט. איך האָב אים דיר רעקאָמענדירט אַלס קיעווער איינוווינער.

— איך וועל גערן גיין אויף אַזאַ אַרבעט און קענסט זיין זיכער,
אַז בעסער פון מיר קען קיינער נישט קיעוו, ווייל איך בין דאָרטן
געבוירן, געוווינט אַלע יאָרן ביז דער מלחמה. און דאָרט איז מיין
משפחה מעגלעך אומגעקומען.

— אַ גרויסע משפּחה האָסטו געהאַט? — האָב איך גלייכגילטיק געפרעגט.

— גאָרנישט קיין גרויסע, בלויז אַ פרוי מיט איין קינד, אָבער אַ זעלטן גוטע און איבערגעגעבענע. מיין פרוי איז געווען אַזאַ קלוגע, אַזאַ ווירטן, און האָט מיך אַזוי ליב געהאַט, אַז אַלע חברים זענען מיר מקנא געווען און אַ יינגעלע האָב איך געהאַט ווי אַ מלאכל. ער וואָלט שוין איצט 5 יאָר אַלט געווען.

— דאָס יינגעלע איז אַ גרויסער שאָדן, אויב ער לעבט נישט — האָב איך געזאָגט — אָבער נאָך דער פרוי ווייס איך נישט, צי זי איז ווערט, מען זאָל נאָך איר קלאָגן. נאָכדעם וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט דערציילן וועגן דער אויפפירונג פון די אוקראַינישע פרויען אין די אָקופּירטע שטעט, האָב איך נישט וועגן זיי קיין געהויבענע מיינונג. צו מיר איז איצט געקומען אַ ראַדיסטן פון מאָסקווע, וועלכע האָט געהערט פון רויט־אַרמייער, אַז אין פיל שטעט, האָט מען אַ חודש נאָך דער באַפרייאונג געפונען דייטשן, וואָס די אוקראַינערינס האָבן אויסבאַהאַלטן אין די שענק און אויף די בוידעמס.

— דאָס האָבן געקענט טון בלויז אויסגעלאַסענע פרויען, אָבער נישט אַזאַ באַשיידענע פרוי ווי מיין סאָניאַ.

— נישט בלויז אויסגעלאַסענע פרויען האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די דייטשן, אייניקע האָט געצווונגען דערצו די נויט אָדער אַנדערע סיבות.

— ביי קיינע אומשטענדן וואָלט זיך מיין סאָניאַ נישט דערלויבט אויף אַזאַ שענדלעכער טאַט — האָט מיט אַנטשלאָסנקייט וואַסיאַ געזאָגט.

— דאָס זאָג נישט, חבר זאַרין, — האָב איך פאָרגעזעצט — איך האָב געהערט וועגן אַזאַ מין פאַרפאַל: אַן אָנשטענדיקע פרוי פון אַ רויט־אַרמייער, איז געבליבן מיט איר קינד אין איינע פון די אָקופּירטע דורך דעם דייטש שטעט, אינגאַנצן אָן מיטלען צום לעבן. זי איז געווען געצווונגען צו אַרבעטן אַלס שוואַרצע אַרבעטערין אין אַ דייטשער קוך, בכדי צו פאַרדינען אויף איר ברויט פאַר זיך און פאַר דעם קינד. איינמאָל איז דאָס קינד קראַנק געוואָרן אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. קיין שום פּריוואַטע אַפּטייקן זענען אין דער שטאָט

נישט געווען און זי האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו ראַטעווען דאָס קינד, וועמענס שעהן זענען געווען געציילט. דאַן ווענדעט זי זיך צו אַ דייטשן אָפיציר נאָך הילף און יענער איז מסכים איר שיקן אַ דאָקטאָר און געבן מעדיקאַמענטן, נאָר מיט דעם באַדינג, אַז זי וועט דערפאַר מוזן מיט אים איין נאַכט פאַרברענגען. מיט עקל וואַרפט זי אָפּ זיין פאָרשלאַג, נאָר ווען זי זעט די ליידן פון איר שטאַרבענדיקן קינד, דאַן זיגן ביי איר די מוטערלעכע געפילן, איבער איר אָנשטענדיקייט און זי נעמט אָן דעם באַדינג פון נאַצישן אויסוווּרף.

וואַסיאַ האָט געקוקט אויף מיר מיט אַן ערנסטן בליק און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו מיין דערציילונג. ווען איך האָב געענדיקט, איז אַ ווײַלע שטיל געווען. וואַסיאַ האָט זיך פאַרטראַכט, פירנדיק די גאַנצע צייט מיט דער האַנט איבער זיינע געדיכטע, בלאָנדע האָר און ווי ענטפערנדיק אויף זיינע אייגענע געדאַנקען אַ זאָג געטאָן.

— זי איז דאָך אַ מוטער... זי האָט נישט געקענט גלייכגילטיק זיך צוקוקן ווי איר קינד שטאַרבט...

דאָס קען מען אָנרופן אַן אומגליקספאַל... אַזאַ פרוי איז נישט קיין אויסגעלאַסענע.

לויט דעם ענטפער האָב איך פאַרשטאַנען זיין צוגאַנג צו דעם דאָזיקן פּראָבלעם און געהאַלטן, אַז איך מעג אים דערציילן דעם אמתן צוועק פון מיין קומען אַהער.

— הער וואַסיאַ, — האָב איך אָנגעהויבן. — איך בין געקומען דיר איבערגעבן אַ זייער גוטע ידיעה: דיין סאָניאַ מיט קאָסטיקן לעבן און געפינען זיך אין מיין „אָטריאַד“.

וואַסיאַ איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און באַקומען אַלע קאָלירן אויפן פּנים, נאָר באַלד איז ער ווידער געוואָרן ערנסט און מיט אַ פאָרוואורף געזאָגט:

— דו זעסט צו זיין אַן ערנסטער מענטש און וויצלסט זיך אַזוי נישט געשמאַק.

— איך וויצל זיך נישט, דאָס וואָס איך האָב געזאָגט איז אמת, דיין חבר סאַשאַ קען דאָס באַשטעטיקן.

— סאַשאַ! איז דאָס ריכטיק, אַז מיינע טייערע לעבן? — האָט וואַסיאַ אויסגעשריגן.

— יאָ, זיי לעבן און זענען געזונט — האָט סאַשאַ באַשטעטיקט.

וואַסיאַ איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, אַ צעשטראַלטער מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אָנגעהויבן בעטן:

— פירט מיך גיכער צו זיי, וואָס זיצט איר אַזוי קאַלטבלוטיק, וואָס קומט דאָ פאָר? צי איז דאָס נישט קיין חלום! מיינע טייערע לעבן... ווי גליקלעך איך בין!

— זעץ זיך, וואַסיאַ, אויף אַ ווײַלע אַוועק — איך האָב אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און אַוועקגעזעצט נעבן זיך — איך האָב דיר מיטצוטיילן נאָך איין נייעס, אָבער ווייניקער אָנגענעם.

וואַסיאַ איז מיט אַמאָל געוואָרן ערנסט, און מיט אַ דערשראָקע־נעם בליק אויף מיר געקוקט.

— פאַר דעם, איידער איר וועט זיך טרעפן, מוזסטו וויסן, וואָס פאַר אַ טראַגעדיע דיין סאָניאַ האָט איבערגעלעבט. זיי וויסן, אַז די געשיכטע, וואָס איך האָב דאָ דערציילט וועגן דעם קראַנקן קינד, איז פאָרגעקומען מיט קאָסטיקן און דיין סאָניאַ איז געווען די אומ־גליקלעכע מוטער, וואָס האָט פאַר אַזאַ טייערן פּרייז געראַטעוועט דאָס לעבן פון איר קינד...

ווי אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך אַרויפגעצויגן אויף וואַסיאַס געזיכט. ער האָט פאַרביסן די ליפּן, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און געזעסן אַ לענגערע צייט ווי פאַרגליווערט. דורך זיינע פינגער האָט זיך דורכגעגליטשט אַ טרער, וועלכע האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט אויף זיין האַנט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם אַרבל פון זיין טונקעלער מאַרינאַרקע. מיר זענען געזעסן שטיל און געקוקט מיט מיטלייד אויף דעם יונגן רוס, וואָס לעבט איבער אַזעלכע שרעקלעכע מאָראַלישע ליידן.

— מיין אָרעמע, מיין גוטע סאָניעטשקאַ — האָט ער נאָך אַ לענגערע פּויזע געזאָגט — וואָס פאַר אַ שרעקלעכע איבערלעבעניש זי האָט געהאַט. פירט מיך גיכער צו מיין געליבטער פרוי און קינד. זי נויטיקט זיך איצט אין מיין טרייסט.

— מוזט נאָך האָבן אַ ביסל געדולד — האָב איך זיך געווענ־

דעט צו וואסיען — ווייל סאָניאַ ווייסט נאָך נישט, אז דו לעבסט. מיר האָבן באַשלאָסן פריער דיך צוגרייטן צו דער דאָזיקער געשעע־ניש און איצט מוזן מיר דאָס זעלבע טון מיט סאָניען. זי איז זייער נידערגעשלאָגן נאָך אירע שרעקלעכע איבערלעבענישן און אזא גליק, אויב עס וועט אויף איר אראָפּפאַלן אומדערוואַרטעט, קען נאָך מיט איר אַן אומגליק געשען. ווען מיר וועלן זי צוגרייטן, וועל איך נאָך דיר שיקן סאַשען מיט אַן אָנגעזאָגטן פערד און ער וועט דיך ברענגען אין מיין אַטריאַד.

— טייערער „דיאַדיאַ מישאַ“, נעמט מיך שוין מיט מיט זיך, איך קען שוין נישט וואַרטן, איך וויל שוין צודריקן צו מיין האַרצן מיינע טייערינקע.

— דאָס איז אומעגלעך — האָב איך קאַטעגאָריש דערקלערט — פאַר דער צייט, וואָס סאָניאַ איז מיט אונדז, האָבן מיר זי זייער ליב געקריגן און עס איז אונדז אַ שאָד זי צו פאַרלירן. האָסט געוואַרט יאָרן, טאָ האָב געדולד צו וואַרטן שעהן. איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז דו מעגסט זיין שטאָלץ פון דיין פרוי און גליקלעך מיט דיין קאָמ־טיקן, וועלכע אַלע פאַרטיזאַנען פאַרגעטערן.

איך בין נאָך אַ קורצע צייט געבליבן, כדי אַרומצורעדן מיט זשילינען אייניקע ענינים, סאַשאַ האָט אין דער צייט גערעדט מיט וואַסיאַן וועגן סאָניאַן און איבערגעחזרט קאָסטיקס חכמות.

ווען מיר זענען געקומען אין אונדזער אַטריאַד האָב איך ווידער־אַמאָל צונויפגערופן דעם „משפחה־ראַט“, ווי מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן די פאַרזאַמלטע פאַרטיזאַנער, און האָב זיי דערציילט וועגן מיין געשפרעך מיט וואַסיאַן און וואָס פאַר אַן איינדרוק ער האָט אויף מיר געמאַכט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצורופן סאָניען און אויפעפענען פאַר איר די קאָרטן.

סאָניאַ איז אַריינגעקומען אַן ערנסטע, ווי שטענדיק, און איך אַוועקגעזעצט נעבן מיר.

— איך האָב פאַר דיר אַ זייער פריילעכע נייעס — האָב איך זיך געווענדעט צו סאָניען — בשעת זיין איבערפאַל אויף דעם שטעטל אַליעווסקע, האָט זשילינס אַטריאַד באַפרייט אַ לאַגער מיט

רוסישע געפאַנגענע און צווישן די 180 באַפרייטע אָפיצירן און סאָל־דאַטן פון דער רויטער אַרמיי איז אויך געווען דיין וואַסיאַ.

סאָניאַ האָט גלייכגילטיק אויסגעהערט מיין מיטיילונג און האָט בלויז מיט אַ פאַרוואורף אַ זאָג געטון:

— אויף דיר, „דיאַדיאַ מישאַ“, האָב איך זיך נישט געריכט, אַז דו זאָלסט אויף אַזאַ טעמע שפּאַסן.

— איך שפּאַס נישט, סאָניאַ, איך קער זיך איצט אום פון זשי־לינעס אַטריאַד און האָב אַליין געזען און גערעדט מיט דיין וואַסיען. סאַשאַ קען דאָס באַשטעטיקן.

סאָניאַ האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט און צוגעלאָפן צו סאַשען.

— וואַסיאַ לעבט? מיין וואַסיענקאַ? — האָט זי אינגאַנצן גע־ציטערט פון אויפרעגונג — גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ גליק!... פאַר־וואָס האָסטו אים נישט געבראַכט מיט זיך?... ניין, דאָס איז נישט מעגלעך... סאַשאַ, איז עס אמת, אַז וואַסיאַ לעבט?... יאָ?... איך וועל פון זינען אַראָפּ פון גליק... זאָגט מיר עפּעס אַ סימן, איך גלויב נישט אין אַזאַ גרויס גליק... ווי אַזוי זעט ער אויס?

— ער איז געזונט און שיין — האָב איך געזאָגט — און לויט זיין מיינונג ביזטו די שענסטע, די קלוגסטע און די בעסטע פון אַלע פרויען אין ראַטנפאַרבאַנד און בשעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער אָן אויפהער געפּירט מיט דער האַנט איבער זיין בלאָנדער טשופּרינע.

— איך דערקען אים — האָט אויסגעשריגן סאָניאַ — דאָס איז ער, מיין טייערער. פאַרוואָס האָט איר אים נישט מיטגעבראַכט מיט זיך. ווי קען מען זיין אַזוי שלעכט און אונדז לאָזן אַזוי לאַנג וואַרטן.

— באַרואיק זיך, סאָניאַ, באַלד שיק איך סאַשען נאָך אים. נאָך איין סוד וויל איך דיר אַנטדעקן, — איך האָב אים דערציילט וועגן דיינע שרעקלעכע איבערלעבענישן מיט דעם ראַזוואַזשעוואַר קאָמענ־דאַנט, און מוז דיר זאָגן, אַז ער האָט געהאַט גרויס פאַרשטענדע־ניש פאַר דיין אומגליקס־פאַל. נישט נאָר ער האָט דיר מוחל געווען, נאָר דו האָסט אין זיינע אויגן פיל געוואונען דערפון, וואָס דו האָסט אַזאַ קרבן געבראַכט, בכדי צו ראַטעווען קאָסטיקן.

— איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט מיר מוחל זיין — האָט מיט

טרויער אין דער שטומע געזעגנט סאָניאַ, און באַלד איז זי געוואָרן פריילעך און אויסגעשריגן: ווי גליקלעך איך בין, קאַסטיק האָט שוין זיין טאַטן, קאַסטיק האָט שוין זיין טאַטן! נאָר ווען וועט ער קומען?

— אין עטלעכע שעה אַרום וועט ער שוין זיין דאָ. גיי גרייט זיך צו.

— קאַסטיק! קאַסטיק! — האָט זי אָנגעהויבן רופן. אין געצעלט איז אַריינגעקראָכן אויף אַלע פיר אַן אַלטער פּאַרטיזאַן און אויף זיין רוקן איז געריטן קאַסטיק. — דיין פּאַפּקע וועט באַלד קומען! — האָט אויסגעשריגן סאָניאַ, געכאַפּט קאַסטיקן אויף די הענט און אָנגעהויבן מיט אים טאַנצן איבערן געצעלט.

— ער האָט שוין אַלע דייטשן דערשלאָגן? — האָט מיט אַן ערנסטער מינע געפרעגט קאַסטיק.

— אַלע! אַלע! — האָט סאָניאַ מיט געלעכטער געענטפערט — קום גיכער, איך וועל דיך אַרומוואַשן און איבערטאָן. עס איז אַ חרפה זיך צו ווייזן פאַר דעם פּאַפּקע אַזאַ פאַרשמירטער.

## קאַפּיטל 16

### וואַסיאַ קומט

בליץ שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דעם לאַגער די ידיעה, אַז סאָניאַס מאַן האָט זיך אָפּגעפונען און דאַרף באַלד קומען אַהער. אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך מיטגעפרייט מיט סאָניאַס גליק, גלייך ווי יעדער פון זיי וואָלט אויף איר אָרט געווען. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָבן זיך שוין אַלע פּאַרטיזאַנער פאַרזאַמלט און אומגעדולדיק געקוקט אויף דעם איינציקן וועג, וואָס האָט צו אונדז געפירט פון דער „זאַסטאַווע" (פאָרפּאָסטן). קאַסטיק איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ריין שיין אַנצוגל און זיינע בלאָנדע, געלאָקטע האָר זענען געווען זאָרג־פעליק פאַרקעמט. ער איז געלאָפן פון איין פּאַרטיזאַנער צום צווייטן און מיט גדלות זיך באַרימט, אַז זיין פּאַפּקע וועט אים ברענגען אַ קליין דייטשעלע, וועלכן ער וועט אויך דערשלאָגן.

סאָניאַ איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל קלייד, אירע געדיכטע

האָר זענען געווען צעקעמט אינדערמיט און פאַרפלאָכטן אין צוויי שווערע צעפּ. זי איז געווען אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן, זיידע־נעם, העל־רויטן באַנד, וועלכער האָט זיך פון פאָרנט אַראָפּגעלאָזט כמעט ביז דער ערד. איר פּנים איז געווען ערנסט און די גאַנצע פיגור האָט געאָטעמט מיט מאַיעסטעטישקייט. אירע שיינע אויגן האָבן מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק געקוקט אין דער ריכטונג פון וואַנען וואַסיאַ האָט געדאַרפט קומען. ווי אַ קעניגין מיט איר סוויטע, האָט סאָניאַ אויסגעזען צווישן די פּאַרטיזאַנערינס, וועלכע האָבן איר אַרומגערינגלט. אַלע מאָל האָט אַן אַנדערע איר אויסגעגלייכט דאָס קלייד אָדער צוגעשפּיליעט אַ בלום.

— אָט דעם גאַרטל האָב איך נאָך קיינמאָל ביי דיר נישט געזען — האָב איך פאַרפירט אַ שמועס מיט סאָניאַ, כדי זי אַביסל צו צעשטרייטן.

— אָ, דער גאַרטל האָט זיין געשיכטע — האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט סאָניאַ — דאָס איז וואַסיאַס ערשטע מתנה, וואָס ער האָט מיר געגעבן נאָך אַלס חתן. איך האָב אים אָבער ערשט אָנגע־הויבן טראָגן זייענדיק אין קיעוו, ווייל ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן און מיין פאָטער האָט אים דערזען, האָט ער זיך אויף מיר אָנגעבייזערט און געזאָגט: „אַז דו וועסט אָנטאָן דעם גאַרטל, וועלן נאָך דיר אַלע קאַראַסטישעווער אינדיקעס נאָכלויפן; ער איז אַזוי רויט, אַז דו זעסט אין אים אויס, ווי פאַרגאָסן מיט בלוט, טראָג אים נישט“! איך האָב נישט געוואָלט מצער זיין מיין פאָטער און האָב אים נישט געטראָגן. ער איז ביי מיר זייער טייער. ווען איך האָב געהונגערט אין קיעוו, האָב איך אַלץ פאַרקויפט, מיט דעם גאַרטל אָבער איז מיר געווען אַ שאָד זיך צו שיידן.

פּלוצים האָט דריי מאָל אַ וואָיע געטאָן אַ וואָלף. דאָס איז געווען דער אָפּגערעדטער צייכן, מיט וועלכן מען האָט מיטגעטיילט פון דער „זאַסטאַווע“, אַז עמיצער דערנענטערט זיך צום לאַגער.

— זיי פאָרן! זיי פאָרן! — האָבן זיך דערהערט די אויסגע־שרייען פון פּאַרטיזאַנער און באַלד האָבן זיך פון דערווייטנס באַ־וויזן צוויי רייטער, וועלכע האָבן זיך שנעל דערנענטערט צום בריקל, וואָס איז געווען אַריבערגעוואָרפן איבער דעם שמאָלן וואַלד־טייכל,

וואָס האָט פון דריי זייטן אַרומגערינגלט אונדזער לאַגער. מיר האָבן שוין דייטלעך געהערט דאָס קלאַפּן פון די פערדישע פיס איבער די דינע ברעטלעך פון בריק. די שפּאַנונג איז מיט יעדער ווײַלע געוואָרן גרעסער. קיינער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון די צוויי ריי־טער, וואָס זענען געפאָרן אין אונדזער ריכטונג. אַלע האָבן מיט קלאַפּעדיקע הערצער געוואַרט אויף דעם העכסט־אינטערעסאַנטן מאָמענט פון סאָניאַס צוזאַמענטרעפן זיך מיט וואַסיען.

די רייטער זענען דורכגעפאָרן די בריק, אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד און האַלטנדיק זיי פאַר די צוימען, לאַנגזאַם געגאַנגען איבער דעם שמאָלן וועגל. סאַשאַ איז געגאַנגען פאָרויס, אויסמיידנדיק די אים באַקאַנטע ערטער, וווּ עס זענען געווען פאַרלייגט מינעס, כדי צו שטערן דעם צוגאַנג צום לאַגער. ביי די שטראַלן פון דער רויטער זון, וועלכע האָט זיך שוין אַנגעהויבן אַראָפּלאָזן אויף יענער זייט וואַלד, האָבן מיר געזען וואַסיעס צעשטראַלט פּנים און די בלאָנדע האָר אויף זיין אַנטבלויזטן קאָפּ, מיט וועלכע דאָס ווינטל האָט זיך געשפּילט.

— דו, קאַסטיק, בלייב מיטן „דיאַדיאַ מישאַ" און איך וועל זיך באַהאַלטן הינטערן באָד, דערנאָך פון דאָרט אומגעריכט אַרויס־שפּרינגען און אַרומנעמען וואַסיען.

מיט די ווערטער איז סאָניאַ שנעל אַוועקגעלאָפן צו דער געביידע פון דער אַזוי־גערופענער באָד, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ זייט, אַ 50 מעטער פון אונדז.

— אַ קאַפּריז פון אַ יונגער קאָזע, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

וואַסיאַ, זייענדיק נאָך אַ פּאָר צענדליק מעטער פון דעם אָרט, וווּ מיר זענען געשטאַנען, האָט אַ וואָרף געטאָן סאַשען דאָס צוימל פון פערד און אין עטלעכע שפּרונג צוגעלאָפן צו אונדז, אַ כאַפּ געטאָן קאַסטיקן אויף די הענט און אים אָנגעהויבן קושן.

— קאַסטיק! מיין טייער קינד! וואָס פאַר אַ גרויסער דו ביזט שוין!

— מיין פּאַפּקאַ, מיין פּאַפּקאַ! — האָט קאַסטיק געשריגן מיט פרייד.

דאָס דאָזיקע בילד איז געווען אַזוי רירנדיק, אַז ביי די אַלטע

פּאַרטיזאַנער זענען פּייכט געוואָרן די אויגן און די פּאַרטיזאַנערינס האָבן אָן חרפּה געווישט די טרערן.

— און ווו איז סאָניעטשקאַ? — האָט וואַסיאַ געפרעגט מיט אומרו און פאַרוווּנדערונג.

— זי וועט באַלד קומען — האָב איך געזאָגט און געקוקט אין דער ריכטונג פון דער געביידע פון וואַנען סאָניאַ האָט געזאָלט צו־קומען. אָבער סאָניאַ איז נישט געקומען. איך האָב זי אָנגעהויבן רופן: „סאָניאַ, סאָניאַ!" זי האָט נישט געענטפערט. עס איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן און אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן איבערקוקן אין פאַרלעגנהייט.

— גייט אויפזוכן סאָניאַן! — האָב איך באַפוילן. עטלעכע פּאַר־טיזאַנער זענען אַוועקגעלאָפן אין דער ריכטונג, ווו סאָניאַ איז פאַר־שוווּנדן און באַלד האָבן זיך דערהערט אין אַלע זייטן אויסגעשרייען: „אַ־או, סאָניאַ! אַ־או, סאָניאַ!"

אַ שלעכטער פאָרגעפיל האָט אַלע באַהערשט און אַלע זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען, כדי צו זוכן סאָניאַן. אויפן אָרט זענען בלויז געבליבן איך און וואַסיאַ מיט דעם קינד אויף די הענט. קאָסטיק האָט זיך פּלוצים צעוויינט און אָנגעהויבן שרייען: „מאַמאַ, ווו איז מיין מאַמעניו?"

אין אַ שעה אַרום האָט מען געפונען סאָניאַן.

אויף אַ גראָבער צווייג פון אַן אַלטן דעמב איז זי געהאַנגען אויף דעם רויטן גאַרטל, וואָס וואַסיאַ האָט איר אַלס חתן געשענקט. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן איינגעפּרעסט אַ צעטעלע מיט פאָלגנ־דיקן אינהאַלט:

„מיין איינציקער, מיין געליבטער וואַסיאַ!

„דו האָסט מיר מוחל געווען; איך האָב אָבער מיין שענדלעכן טאָט זיך נישט געקענט מוחל זיין. דיין סאָניאַ".

# רייזל

ווען באַריס האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט ער זיך געזען ליגן אויפן דיל אין אַ גרויסן, העל באַלויכטענעם צימער. קיין מעבל איז אין אים נישט געווען, בלויז אין ווינקל קעגנאיבער איז געשטאַנען אַ „סטאַנאָק“, וואָס מען קען זען אין קאַזאַרמעס און וואָס דינט אויף אָנצושפּאַרן ביקסן. אויף איין וואַנט איז אין אַ שווערער געשניצטער ראַם געהאַנגען היטלערס פּאָרטרעט.

„ווו בין איך?“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט געמיינט, אַז ער חלומט, און האָט צוריק פאַרמאַכט די אויגן. פּלוצלונג האָט ער דערשפּירט אַ טעמפּן ווייטיק אין לינקן אָרעם. ער האָט געוואָלט זיך אויפזעצן און האָט דערפילט, אַז די הענט און די פיס זענען בײַ אים געבונדן.

„איך בין אין געפענגעניש בײַ די דײַטשן!“ — האָט אים ווי מיט אַ האַמער אַ קלאַפּ געטאָן אַ געדאַנק, נאָר ער האָט נישט גע־קענט זיך דערמאָנען ווי אַזוי דאָס איז געשען. ער גיט אַ פיר מיט די אויגן איבער די גרויע ווענט פון צימער, אויף אַ ווײַלע שטעלט זיך אָפּ זײַן בליק אויף היטלערס פּאָרטרעט. עס קוקן אויף אים צוויי אַרויסגעשפּאַרטע, בייזע אויגן... ער שטרענגט אָן דעם זכרון, און ווי דורך אַ נעפּל שוועבן אַרויס אָפּגעריסענע בילדער: ... זאַלבע אַכט גייען זיי אַרויס פון אַ וואַלד, לויפן שנעל אַריבער דעם וועג און דערנענטערן זיך שוין צו די אָפּגעהאַקטע ביימער, וועלכע ליגן אָנגעוואַלגערט אויף דער צווייטער זײַט וועג... עס דערהערן זיך עטלעכע שאָסן, נאָר זיי זענען שוין אַריין אין דער געדיכטעניש פון די צווײַגן און פאַרנעמען אַ פאַרטיידיקונג־פּאָזיציע... די דײַטשן גרייפן אָן... באַריס וועלכער פירט אָן מיט דער גרופּע, הייסט שיסן

פּאַרזיכטיק, — ווייל זיי האָבן ווייניק קוילן. דער שונא ווערט מיט יעדער מינוט אַלץ אַגרעסיווער... באָריס גיט אַ באַפעל צוצוגרייטן די גראַנאַטן... די דייטשן שפּרינגען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און לאָזן זיך לויפן איבערן וועג בכדי צו אַטאַקירן די פּאַרטיזאַנער... עטלעכע גראַנאַטן פליען אין דער ריכטונג פון די אָנגרייפער... אויסנוצנדיק די בהלה, לויפן דאָן די פּאַרטיזאַנער שנעל אַדורך דעם פרייען פּלאַץ, וואָס טיילט זיי אָפּ פון אַ צווייטן באַרג אָפּגעזעגענע ביימער, הינטער וועלכע עס הויבט זיך אָן אַ געדיכטער וואַלד... באָריס לויפט דער לעצטער; ער הערט די ווילדע געשרייען פון די פאַרוואונדעטע דייטשן... ער פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע צוליב אַ גראָבן דעמב, וואָס ליגט אויף דעם וועג... נאָר אַריבערקריכן איבער אים, און זיי זענען געראַטעוועט... איין פּוס האָט ער שוין אַריבערגעוואָרפן איבער דעם בוים... ער דערפילט פּלוצלונג אַ שאַרפן ווייטיק אין לינקן אָרעם... געלע און רויטע קרייזן הייבן אָן שוועבן פאַר זיינע אויגן און... — וואָס ווייטער געדענקט ער נישט... די דייטשן האָבן אים, ווייזט אויס, פאַרכאַפּט אַ פאַרחלשטן... זיינע חברים האָבן אוודאי נישט באַמערקט, אַז ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן; זיי וואָלטן אים זיכער נישט איבערגעלאָזט; איינשטעלנדיק זייערע אייגן לעבן וואָלטן זיי אים געראַטעוועט...

זיינע געדאַנקען האָבן איבערגעריסן שווערע טריט, וועמענס עכאָ האָט הילכיק זיך אָפּגעקלאַפּט אין דעם הויכן, ליידיקן צימער. אַ דייטש, מיטן אויטאָמאַטישן געווער אין די הענט האָט זיך דערנענטערט צו אים. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף באָריסן מיט אַ ציניש שמייכל, זיך אויסגעדרייט אויף די קנאַפּל און מיט געמאָסטענע טריט אַרויסגעגאַנגען פון דעם צימער. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ דייטשער אָפיציר אין באַגלייטונג פון אַ יונגער פרוי און פון צוויי באַוואָפנטע דייטשן. דער אָפיציר איז צוגעגאַנגען צו באָריסן און אָנגעשטעלט אויף אים זיינע שפּיציקע, גרויע אויגן. ווי אַ יעגער־הונט האָט אויסגעזען דער הויכער, דאַרער דייטש מיט דעם שפּיצרוט אין דער האַנט, מיט אַ שמאָל, לענגלעך געזיכט, דינע ליפּן, אַביסל אַרויסגערוקטער גאָמבע און אַ לאַנגער רויטער נאָז.

— צעבינדט אים! — האָט ער באַפוילן. די דייטשן האָבן באַריסן אוועקגעשטעלט, און אים באַפרייט די הענט און די פיס. באַרים האָט ווי אַ שכור זיך אַ פּאָר מאָל אַ וואַקל געטאָן און קוים איינגעהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. מיט גרויס אנשטרענגונג האָט ער אויפגעהויבן די לינקע האַנט, פילנדיק דערביי אַ שטאַרקן ווייטיק, נאָר מיט צופרידנקייט האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז דער ביין איז נישט צעבראָכן.

— פרעג אים ווי איז זיין נאָמען? — האָט דער אָפיצער זיך געוואַנדן צו דער פרייל. זי האָט באַלד איבערגעזעצט זיין פראַגע אויף אוקראַיניש.

באָרים האָט געשוויגן.

— אין וועמענס אָטריאַד איז ער? — איז געפאַלן די צווייטע פראַגע.

באָרים האָט געשוויגן.

— זאָג אים — האָט דער אָפיצער זיך געוואַנדן צו דער דאָלמעטשערן — אַז איך האָב פאַרשידענע מיטלען אויף צו צווינגען אים ער זאָל אָנהויבן רעדן.

באָרים האָט אַלץ געשוויגן.

דער אָפיצער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אים אויפגעפראַלט. צוזאַמען מיט דעם שטראָם פרישע לופט, האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער דער ריח פון בליענדיקע אַקאַציעס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן פענצטער און באַפוילן באָריסן זיך אוועקצושטעלן אַנטקעגן אים. דרייענדיק מיט צוויי פינגער דעם שפּיצרוט, האָט ער זיך געוואַנדן דורך דער דאָלמעטשערין צו באָריסן.

— דו ביזט נאָך יונג. דו קענסט און דאַרפסט נאָך לעבן און ברענגען נוצן דיין פאָלק. דו האָסט זיך געלאָזט פאַרפירן דורך די „יודעאָ־קאָמוניסטן" וועלכע האָבן געוואָלט פאַרוואַנדלען אייער אוקראַינע אין אַן עקספּערימענטאַלן פעלד פאַר סטאַלינס ווילדע אידייען. איצט האָט אונדזער פירער באַפרייט אייער לאַנד פון דער באָלשעוויסטישער פעסט, און מיט דער הילף פון אייער פאָלק וועט ער אויפשטעלן אַן אומאָפּהענגיקע, זעלבשטענדיקע מלוכה.

„ער ווייסט נישט, אַז איך בין אַ ייד“ — האָט באָריס אַ טראַכט געטאָן מיט צופרידנקייט.

— לייג זיך איבער — האָט דער דייטש פאַרגעזעצט מיט אַ געמאַכטער פריינדלעכער שטים, און ווענדנדיק זיך צו דער אוקראַינערין האָט ער צוגעגעבן: ברענגט צו אים די קראַנקן־שוועסטער, זי זאָל אים איבערבינדן די וווּנד. גיט אים אָפּעסן, און דאַן פירט אים אַריין אין מיין קאַבינעט אויף דעם פאַרהער.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון צימער. באָריס איז מיט נישט זיכערע טריט צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט. דאָס צימער האָט זיך געפינען אויף דעם פערטן שטאָק פון אַ געמויערטער געביידע, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ שלאָס, אָדער אַ קלויסטער. אויף וויפל דאָס אויג האָט פאַרכאַפּט האָט זיך געצויגן אַ פּרעכטיקער אויבסט־גאָרטן. צווישן די ביימער האָבן זיך געפּאַשעט הויכע דייטשע פערד מיט געפּענטעטע פאָדערשטע פיס.

„זיי וועלן מיר מאַטערן בכדי אַרויסצובאַקומען אינפאָרמאַציעס — האָט באָריס געטראַכט — נאָר זיי מעגן פון מיר רייסן שטיקער פלייש, וועט זיך זיי נישט איינגעבן מיר איינצוברעכן“.

ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער ערד. אַ וואַסערע צוואַנציק מעטער האָט אים אָפּגעטיילט פון איר. „און אפשר זיך אַרויסוואַרפן פון פענצטער און מיט איין מאָל מאַכן אַן ענדע צו די ליידן?“

אין דעם מאָמענט האָבן אים צוויי שטאַרקע הענט אַ כאַפּ געטאָן ביי די אַקסלען און אָפּגעצויגן פון פענצטער. דאָס איז געווען דער דייטש, וואָס האָט געהאַלטן די וואַך ביים אַריינגאַנג. ער האָט באַריסן אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט און אַן ווערטער אים אַ וויז געטאָן אויפן פענצטער און דערנאָך אויף דעם אויטאָמאַט. דאָס האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב ער וועט זיך דערנענטערן צום פענצטער וועט ער ווערן געשאָסן.

עס זענען אַריינגעקומען די דאָלמעטשערין מיט אַ קראַנקן־שוועסטער. די לעצטע — אַ יונגע געזונטע דייטשקע, מיט גרויע, קיילעכדיקע אויגן אָן קיין שום אויסדרוק און מיט אַ רויטן קרייץ אויף דער הויכער ברוסט איז אָן ווערטער צוגעטראָטן צום איבערבינדן באָריסן די פאַרוווּנדעטע האַנט. די וווּנד איז געווען נישט קיין געפערלעכע,

— די קויל איז דורכגעגאַנגען דורך דעם ווייכן פֿלייש נישט אָנרירנדיק דעם ביין.

די אוקראַינערין האָט איר געהאָלפֿן. באָרים האָט אָבסערווירט די צוויי פֿרויען. מיט פֿאַרוווּנדערונג האָט ער פֿעסטגעשטעלט, אַז די אוקראַינערין רופֿט ביי אים נישט אַרויס דאָס געפֿיל פֿון פֿאַראַכטונג, וואָס די פּאַרטיזאַנער פֿילן געוויינלעך צו די אַלע אוקראַינער, וועלכע אַרבעטן מיט דעם דייטש. אָט די אַלע פֿאַרוואַלטערס פֿון די קאָאָפּעראַטיוון, די פֿאָרזיצער פֿון די דאָרפֿס־ראַטן, די דאָלמעטשערינס האָבן די פּאַרטיזאַנער געהאַלטן פֿאַר פֿיל געפֿערלעכער פֿון די דייטשן. נאָר די אוקראַינערין מיט דעם איידעלן, בלאַסן געזיכט, מיט די גלאַט צוגעקעמטע, אויף דער מיט צעטיילטע האָר, מיט דעם גלייכן לענגלעכן נעזל, מיט די דינע נאָזלעכער, מיט דעם שיין־אויסגעשניטענעם מויל, איז מערער ענלעך געווען צו אַ גריכן ווי צו אַן אוקראַינערין. עס איז אים אַפֿילו אַנגענעם געווען, ווען זי האָט אים פּאָרזיכטיק אונטערגעהאַלטן ביי דעם עלנבויגן, בעתן איבערבינדן די וווּנד און האָט אים אַלע מאָל געפֿרעגט מיט מיטלייד, צי עס טוט אים נישט וויי.

אַ דייטש האָט אַריינגעטראָגן אַ טעלער מיט זופּ און אַ גרויסע שטיק ברויט. ווען באָרים האָט דערזען דאָס עסן האָט ער ערשט דערפֿילט ווי הונגעריק ער איז, נאָר ער האָט זיך באַהערשט און זיך נישט צוגערירט צו דעם.

— פֿאַר וואָס עסטו נישט? — האָט געפֿרעגט די דאָלמעטשערין.

— איך דאַרף שוין נישט קיין עסן — האָט באָרים מיט פֿאַרביטערונג געענטפֿערט — איך ווייס, אַז איר ווילט איך זאָל זיך שטאַרקן, בכדי צו קענען לענגער אויסהאַלטן די טאָרטורן.

— זע נישט אַלץ אין אַזוינע פֿינצטערע פֿאַרבן. אפֿשר דאַרפֿסטו זיין שטאַרק נישט אויף אויסצוהאַלטן, נאָר גאָר אויף אויסצומיידן די טאָרטורן. — האָט געזאָגט די אוקראַינערין מיט אַ ווייכער שטים און איז צוזאַמען מיט דער קראַנקן־שוועסטער אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער.

„וואָס האָבן באַדייט די ווערטער פֿון דער אוקראַינערין?“ האָט באָרים געטראַכט בלייבנדיק אַליין אין צימער. ער האָט זיך דערמאָנט אירע לענגלעכע ווי מאַנדלען אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים

מיט מיטלייד און ווי מיט אַ פֿאַרבאָרגענעם טרויער, און טיף אין זיין האַרץ האָט זיך דערוועקט אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג. נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט די פֿיל פֿאַלן, ווען פֿרויען האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל בעת די ראַפֿינירטע דייטשע אויספֿאָרשונגען, און ער האָט באַשטימט צו זיין זייער פֿאָרזיכטיק און זיך נישט לאָזן פֿאַרפֿירן דורך דער שיינער אוקראַינערין, וועלכע איז גיכער אַ געניטע דייטשע אַגענטין.

*

עס זענען אַריינגעקומען צוויי באַוואָפֿנטע דייטשן און באַפֿוילן באָריסן צו גיין פֿאָרויס. דורך אַ לאַנגן, שוואַך באַלייכטענעם קאָרי־דאָר, האָבן זיי אים צוגעפֿירט צו אַ טיר מיט אַן אויפֿשריפֿט: קאָ־מענדאַנט פֿון זשאַנדאַרמעריע, הויפּטמאַן דיכריטש.

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט.

— אַריין! — האָט זיך דערהערט אַ באַפֿעלערישע שטים.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסן קאַבינעט. ביי אַ שווערן דעמבענעם טיש, אויף וועלכן עס זענען געלעגן פֿיל פּאַפּירן, איז גע־זעסן דער אָפֿיצער, וועלכן באָריס האָט שוין געקענט. מיט די הענט אין די הויזן־טאַשן, דאָס היטל מיט דעם ברייטן דאַשעק אַרויפֿגערוקט אויפֿן שטערן און די אויגן פֿאַרמאַכט — איז דער קאָמענדאַנט גע־זעסן אין אַ טיפֿן, ווייכן שטול און האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געשלאָפֿן. די דייטשן האָבן אַ קלאַפּ געטאָן מיט די געקאָ־וועטע קנאַפֿל, אויסגעצויגן די רעכטע האַנט און ווי איין מענטש אויסגעהאַווקעט: „הייל היטלער!" דער אָפֿיצער האָט מיט אַ פֿויַ־לער באַוועגונג אויפֿגעהויבן זיין רעכטע האַנט, געענטפֿערט: „הייל היטלער" און איז ווידער געבליבן זיצן אָן באַוועגונג מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

עטלעכע מינוט האָט געהערשט אַן אומאַנגענעמע שטילקייט. ביי אַ קליין טישל אין אַ זייט איז געזעסן די דאָלמעטשערין און האָט נערוועז געביסן דעם עק פֿון בלייפֿעדער. באָריס האָט געקוקט אויף דעם אָפֿיצער, אויף דעם גרויסן פּאָרטרעט פֿון היטלערן, געמאָלט מיט טונקלע אייל־פֿאַרבן, מיט דער אונטערשריפֿט אין אוקראַיניש:

„היטלער, דער באפרייער". ווען זיין בליק האט זיך צוזאמענגעטראפן מיטן בליק פון דער דאלמעטשערין האט ער באמערקט ווי זי האט זיך פארוויטלט און ארפגעלאזט די אויגן אויף דעם ווייסן בויגן פאפיר, וואס איז פאר איר געלעגן.

דער קאמענדאנט האט אויפגעעפנט די אויגן און נישט בייטנדיק זיין פאזיציע זיך געווענדעט צו דער אוקראינערין:

— „פרעג אים, ווי פילט ער זיך?"

די דאלמעטשערין האט איבערגעזעצט די פראגע אויף אוקראיניש.

— איך פיל זיך גענוג שטארק, אויף אויסצוהאלטן אייערע גרעסטע פייניקונגען און נישט פארראטן קיינעם פון מיינע חברים. — האט געענטפערט באריס.

— ער זאגט, אז ער פילט זיך פיל בעסער, הער קאמענדאנט — האט געזאגט די דאלמעטשערין — און ער דאנקט אייך דערפאר, וואס איר האט אים געשיקט די קראנקן־שוועסטער.

באריס, וועלכער האט פערפעקט באזעסן די דייטשע שפראך, איז דערשטוינט געווארן פון דער איבערזעצונג פון דער אוקראינערין און האט נישט געוווסט מיט וואס דאס צו דערקלערן.

— אויב ער וועט ענטפערן אויפריכטיק אויף מיינע אלע פראגעס, וועל איך אים האלטן נאך א קורצע צייט פארשפארט און דערנאך ארויסלאזן אויף דער פריי. — האט פארגעזעצט דער קאמענדאנט.

נאך איידער די אוקראינערין האט באוויזן צו איבערזעצן דעם אפיצערס רייד, האט באריס שוין אויסגעשריגן:

— „אומזיסט אייערע רייד! איך ווייס וואס מיר דערווארט, איר מעגט שוין צוטרעטן רייסן מיין פלייש און ברעכן מיינע ביינער, אבער געדענקט, אז אייך דערווארט אין דער נאענטסטער צוקונפט נאך פיל ערגערס!"

— וואס זאגט ער? — האט געפרעגט דער קאמענדאנט.

— ער זאגט, אז ער פילט זיך נאך זייער אפגעשוואכט און דערשעפט, און בעט אייך, אז איר זאלט אים א טאג, צוויי לאזן צורו, און דאן וועט ער אייך געבן די נויטיקע אינפארמאציעס.

באריס האט געוואלט אויסשרייען, אז נישט דאס האט ער געזאגט,

נאָר אַן אינערלעך קול האָט אים דיקטירט זיך אָפּצוהאַלטן דערפֿון און ער האָט בלויז געקוקט אויף דער אוקראַינערין מיט פֿאַרוווּנדערונג.

— איך וועל אים לאָזן צורו אַ פּאָר טעג, נאָר פֿאַר דעם מוז ער מיר ענטפֿערן אויף פֿאָלגנדיקע פֿראַגעס: צי ווייסט ער נישט וועלכע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט אָרגאַניזירט אין שטעטל נאַראַווליע דעם אויפֿרייס אין קינאָ, בשעת דער גאַלאַ־פֿאָרשטעלונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צווייטער יאָרצייט פֿון דער מלחמה?

— די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פֿון „דיאַדיאַ מישאַ" — האָט געענטפֿערט באָריס.

— ווער זענען זיינע פֿאַרבינדעטע פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אין נאַראַווליע?

— איך ווייס נישט.

— צי קענסטו מיר נישט זאָגן ווו עס געפֿינט זיך איצט דער לאַגער פֿון „דיאַדיא מישאס" אָפּטיילונג?

באָריס האָט געשוויגן.

— ענטפֿער שנעלער!... זאָג וואָס עס זאָל נישט זיין, נאָר שווייג נישט... רעד, דאָס איז פֿאַר דיין טובה וועגן... גלויב מיר, איך בין דיין פֿריינד, איך וועל דאָס נאָך היינט דיר באַווייזן... — האָט זיך געווענדעט די אוקראַינערין צו באָריסן מיט אַן אויפֿגערעגטער שטים.

באָריס האָט געשוויגן.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעריסן פֿון זיין שטול, צוגעלאָפֿן צו באָריסן און אים אַראָפּגעלאָזט צוויי הילכיקע קלעפּ איבערן פּנים. באָריסן האָט אָנגעהויבן שווינדלען פֿאַר די אויגן און דאָס גאַנצע צימער האָט אַנגעפֿאַנגען איינזינקען אין דער פֿינצטערניש. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, נאָר די דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען הינטער אים, האָבן אים אונטערגעכאַפּט אונטער די אָרעמס. ווען ער איז געקומען צו זיך האָט ער דערפֿילט אַ וואַרעם פֿליסיקייט אויף דער אויבערשטער ליפּ. טראָפּנס טונקל בלוט האָבן געראָנען פֿון זיין נאָז אויף דער מאַרינאַרקע און זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעגלימשט אויף דעם גלאַנצנדיקן פּאַרקעט.

— איך וועל דיר צווינגען צו רעדן, דו קאָמוניסטישער שוויין!

— האָט אויסגעשריגן דער קאָמענדאַנט.

— צו וואָס זיך אויפרעגן, הער קאָמענדאַנט? דאָס שאַדט דאָך אייער געזונט. — האָט זיך אָנגערופן די דאָלמעטשערין מיט אַ פריינד־לעכער שטים. — איר קענט דאָך די איינגעשפּאַרטקייט פון אָט די באַנדיטן. מיט בייזנס וועט איר פון זיי גאָרנישט אַרויסבאַקומען.

די אַרויסגעזאָגטע ווערטער פון דער אוקראַינערין, וועלכע האָבן פאַראַטן אַ געוויסע אינטימקייט, וואָס האָט געהערשט צווישן איר און דעם צעווילדעוועטן אָפיצער, האָבן אים אַביסל באַרואיקט, און מיט אַ שולדיקן שמייכל האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דעם שטול.

— איך קען זיך נישט באַהערשן ווען איך זע אָט די ווילדע וואַלד־מענטשן, וועלכע ווילן נישט פאַרשטיין דאָס גוטס וואָס די דייטשע ווערמאַכט האָט זיי געבראַכט, און אַנשטאָט העלפן אונדז צו רעאַלי־זירן דעם גרויסן פּלאַן פון דער נייער אָרדענונג אין אייראָפּע, שטערן זיי נאָך אונדז.

— זיי לאָזן זיך העצן דורך קאָמוניסטישע אַגיטאַטאָרן, וועלכע דרייען זיך אַרום צווישן פאָלק און זייען בלינדן האַס צו זייערע באַ־פרייערס. — האָט צוגעגעבן די אוקראַינערין.

דעם שמועס האָט איבערגעריסן דאָס קלינגען פון טעלעפאָן. נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָט דער קאָמענדאַנט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל און זיך געוואַנדן צו דער דאָלמעטשערין:

— עס בלייבט ווי דו זאָגסט. היים אים אַריינטראָגן אין צימער אַ מאַטראַץ און געבן עסן און מאָרגן וועלן מיר פאָרזעצן דעם פאַרהער.

באָרים איז ווידער אַריין אין דעם גרויסן ליידיקן צימער. אַ דייטש האָט אַריינגעטראָגן אַ מאַטראַץ, אַ שטיק ברויט און אַ טעפּל וואַסער. באָרים האָט זיך אויסגעצויגן אויף דעם מאַטראַץ. אין קאָפּ האָט אים נאָך געשווינדלט פון די קלעפּ, וואָס ער האָט געכאַפּט, און אין גאַנצן קערפּער האָט ער געפילט אַ נאָגנדיקע מידקייט. „עס איז געקומען דער סוף" — האָט ער געטראַכט, און באַלד האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט שרעקלעכע בילדער ווי די דייטשן פּייניקן אים בכדי אַרויסבאַקומען פון אים ידיעות וועגן די פּאַרטיזאַנער. אַ שווידער איז אים אַדורכגעגאַנגען איבערן לייב פון די דאָזיקע געדאַנקען: „ניין, איך וועל נישט וואַרטן ביז זיי וועלן מיך טויטן, ווען עס וועט ווערן

פֿינצטער וועל איך זיך אַרויסוואַרפֿן פֿון פֿענצטער, אָדער איך וועל זיך וואַרפֿן אויף דעם דייטש וואָס שטייט ביי דער טיר און ער, פֿאַרטיידיקנדיק זיך, וועט מיר שיסן".

דער באַשלוס האָט אים אַביסל באַרואיקט, און זיינע געדאַנקען האָבן זיך אַריבערגעטראָגן צו דער אוקראַאינישער דאָלמעטשערין מיט דעם בלאָסן, איידעלן געזיכט און מיט די שיינע אויגן פֿול מיט טרויער און מיטלייד. ער האָט זיך דערמאָנט אירע ווערטער: „גלויב מיר, איך בין דיין פֿריינד, איך וועל דאָס נאָך היינט דיר באַווייזן". וואָס האָט זי געמיינט מיט די ווערטער? צי האָט זי אים געוואָלט בלויז טרייסטן? און אפֿשר מיינט זי אויפֿריכטיק אים מיט עפּעס צו העלפֿן. פֿיל אוקראַאינישע באַאַמטע און גאַנצע אָפּטיילונגען פֿון דער אוקראַאינישע פּאָליציי פֿאַרלאָזן דאָך איצט זייערע פּאָסטנס און אַנטלויפֿן אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער... נאָך די גרויסע נצחונות פֿון דער רויטער אַרמיי, פֿילן זיי זיך ווי די שטשורעס אויף אַ זיך טרינקענדיקער שיף. זיי פֿילן, אַז אינגיכן וועלן זיי דאַרפֿן אָפּגעבן אַ דין וחשבון דער סאָוויעטישער מאַכט פֿאַר זייערע מעשים טובים אין משך פֿון די צוויי יאָר וואָס זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט, און איבערגייענדיק צו די פּאַרטיזאַנער מיינען זיי אַזוי אַרום זיך ריינצווואַשן. אפֿשר איז די דאָזיקע אוקראַאינערין אויך אַזאַ, און זי וועט אים העלפֿן זיך אַרויסבאַקומען פֿון די גזלנישע הענט?... מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז באָרים איינגעשלאָפֿן מיט אַ שווערן שלאָף.

באָרים האָט נישט געהערט ווי דער דייטש וואָס באַוואַכט אים, האָט אַפּאָר מאָל אויפֿגעעפֿנט די טיר און האָט אַריינגעקוקט אין צימער. ער האָט נישט געזען ווי די גאָלדענע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן זיך אַריינגעריסן דורך דעם פֿענצטער אין דעם ליידיקן, אומעטיקן צימער און עם אָנגעפֿילט מיט פֿרייד און מיט היימלעכקייט. ער האָט נישט געהערט דאָס מוקען פֿון די קי און שאָף, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פֿון דעם פֿעלד אַ היים, און האָט נישט געפֿילט ווי עס פֿאַלט לאַנגזאַם צו די זומערדיקע נאַכט און דער צימער ווערט איינגעהילט אין פֿינצטערניש. ער איז געווען איצט אין זיינע חלומות אין זיין היימאַט־דאָרף אַנדרוסייעוו נעבן שטעטל מעזעריטש אויף וואָלין... עס איז ערב יום כפּור... זיין פֿאָטער און מוטער,

אָנגעטאָן אין יום־טוב׳דיקע מלבושים קלייבן זיך גיין אין שטעטל צו כל נדרי... באַרים ליגט אין עס־צימער אויף אַ קנאַפּע... דער פּאָטער ווענדעט זיך צו אים מיט אַ ביסל אַ בייזלעכער שטים: „נאָך לאַנג וועסטו ליגן? צוליב דיר וועלן מיר פאַרשפּעטיקן, מיר האָבן דאָך איבער דריי קילאָמעטער צו גיין..." באַרים וויל זיך אויפהויבן און קען נישט... דער גאַנצער קערפּער איז ווי מיט בליי אָנגעגאָסן און ער קען נישט רירן מיט קיין אבר... פון אַ זייטיקן צימער גייט אַריין די אוקראַיִנישע דאָלמעטשערין מיט אַ ווייס, זיידן טיכל אויף דעם קאָפּ, מיט אַ קליין מחזורל אין דער האַנט: „צעטשומע זיך, פּאַרטיזאַנער! די צייט איז קורץ — זאָגט זי מיט אַ ווייך אנגענעמער שטים, און נעמט אים אונטער די אָרעמס און זעצט אים פאַרזיכטיק אויף.

— איך אייל זיך, הער מיר אויס...

אַ שטאַרקע שיין פון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט אים אַ בליץ געטאָן אין די אויגן און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. די אוקראַיִנערין, וואָס ער האָט אַקאָרשט געזען אין חלום איז געשטאַנען איבער אים איינגעבויגן, און הינטער איר איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער דייטש.

— אָט דאָ האָסטו אַ קאָלדרע — האָט זי געזאָגט מיט אַ סודות־פולער שטים — וועסט זי אויפוויקלען ווען מיר וועלן אַוועקגיין. דו וועסט גיין גלייך פאַר זיך ביז עס ענדיקט זיך דער גאָרטן, דאָרט אויף דעם שליאַך וועל איך דיר אָפּוואַרטן.

זי האָט אַוועקגעלייגט אַ פּעקל אויפן מאַטראַץ און האָט צוזאַמען מיטן דייטש פאַרלאָזט דעם צימער.

דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז באַרים האָט זיך גלייך נישט אָריענטירט צי דאָס איז אַ חלום צי ווירקלעכקייט. נאָר אָט פילט ער ווי אויף זיינע פיס ליגט עפּעס. אין דער פינצטער האָט ער אָנגעטאַפּט אַ קאָלדרע. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער זי אָנגעהויבן אויפצוּוויקלען און צו זיין גרויס איבעראַשונג דערפילט ער אונטער די הענט אַ פּיסטאָלעט, אַ דינע, שטאַרקע שטריק און אַ קרומען מעסער, וואָס געווענער נוצן צום אָפּשניידן טרוקענע צווייגלעך. ער רוקט שנעל אַרונטער דעם מעסער און די שטריק אונטער דעם

מאַטראַץ און באַהאַלט דעם פּיסטאָלעט אין טאַש. פון גרויס אויפ־רעגונג קלאַפּט אים אין די שלייפן און עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס האַרץ וועט אים באַלד אַרויסשפּרינגען פון פרייד. נאָר באַלד באַ־הערשט ער זיך און עס קערט זיך אים צוריק זיין פּאַרטיזאַנישע גלייכגעוויכט.

„כל זמן אַלע וועלן נישט איינשלאָפן קען מען נישט טראַכטן וועגן זיך אַרויסבאַקומען פון דאַנען". — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, און בכדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט, האָט ער זיך דערוויי־ל אוועקגעלייגט אויפן מאַטראַץ, זיך צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער שלאָפט. לאַנג איז ער אַזוי געלעגן אָן באַוועגונג און זיך צוגעהערט צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום. שוין דאָס צווייטע מאָל ווי מען האָט געביטן די וואַך הינטער זיין טיר, פון שכנותדיקן צימער האָט זיך געהערט אַ רויע מענער־שטים, וועל־כע האָט אָן אויפהער געזונגען: „פּופּכען, מיין ליבע פּופּכען", און ענדלעך איז זי אַנטשוויגן געוואָרן. אַ טויטע שטילקייט האָט שוין גע־הערשט אַרום, עס האָבן בלויז זיך געהערט די ריטמישע טריט פון דעם סאָלדאַט וואָס האָט געהיט דעם אַריינגאַנג אין באָריסעס צימער.

באָריס האָט זיך אויפגעשטעלט און אויף די שפּיץ־פינגער צוגע־גאַנגען צום פענצטער און אים שטיל אויפגעעפנט. ווי אַ טונקל־בלויער סאַמעט האָט אויסגעזען דער הימל מיט די פיל בלישטשענ־דיקע שטערן. עס איז געווען אַזוי פינצטער, אַז די ביימער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין געדיכטער מאַסע. ער האָט אַראָפּגעקוקט פון פענצטער אויף דער ערד און האָט אַ ציטער געטאָן. — ווי אַ שוואַרצער אָפּגרונט האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט. נאָר די אַרומיקע פינצטערניש האָט אים נישט געשראָקן נאָר אויך גלייכצייטיק געפרייט.

באָריס האָט צוגעבונדן איין עק שטריק צום פענצטער. פאָרזיכ־טיק אַ קוק געגעבן אַרום, און אָנכאַפּנדיק מיט ביידע הענט די שטריק זיך אָנגעהויבן אַראָפּגליטשן. אין אַ פּאָר סעקונדעס אַרום איז ער שוין געלעגן אויפן פייכטן גראָז. ער האָט זיך צוגעהערט אַ ווײַלע. אַרום איז געווען שטיל... קיין שום פאַרדעכטיקס... ער שניידט אָפּ אַ שטיק

שטריק און לאָזט זיך קריכן אויף אַלע פיר אין דער קעגנריכטונג פון מויער. די פאַרוווּנדעטע האַנט דערקוטשעט אים אַביסל, אָבער דער ריח פון דער פייכטער ערד און פון דער הויכער גראָז באַדעקט מיט טוי, האָט אים אָפּגעפרישט און ער רוקט זיך גאַנץ שנעל פאָרויס. ער באַמערקט נישט ווייט אַ באַוועגלעכן סילועט, און דערהערט דאָס פירקען פון אַ פערד און דאָס מאָלן פון די שטאַרקע ציינער דעם זאַפטיקן גראָז. באָרים דערנענטערט זיך צום פערד, גיט זיך האַסטיק אַ שטעל אויף און כאַפּט אים אָן פאַר דער גריווע. באָרים איז אויפגעוואַקסן אין אַ דאָרף און ווייסט ווי אַזוי מען באַגייט זיך מיט פערד. ער גיט אים אַ פּאָר מאָל פריינדלעך אַ גלעט איבער דעם האַלדז און בינדט אים אויס אויפן קאָפּ אַ פּראָוויזאָריש ציימל פון דעם שטריק, וואָס ער האָט געהאַט. מיט דעם מעסער צעשנייט ער די פּענטעס מיט וועלכע עס זענען געווען פאַרבונדן די פאָדערשטע פיס פון פערד און לאָזט זיך פאָרזיכטיק גיין פאָרויס מיטפירנדיק דעם געהאָרכזאַמען פערד. אין אַ פּאָר מינוט האָט זיך געענדיקט דער געדיכטער גאַרטן און עס האָט זיך באַוויזן אַ ברייטער פעלד־וועג. באָרים איז געבליבן שטיין און פאָרזיכטיק זיך אַרומגעקוקט. זיינע אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש און ער האָט שוין גאַנץ דייטלעך געזען די אַרומיקע קעגנשטאַנדן. אויף דעם האָריזאָנט איז ווי אַ שוואַרצע וואַנט געשטאַנען דער וואַלד. ער האָט זיך שוין געקליבן אַרויסגיין אויף דעם שליאַך, ווי ער האָט פּלוצלונג באַמערקט ווי עפּעס אַ שאָטן דערנענטערט זיך צו אים פון רעכטס. ער האָט שנעל אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט און געבליבן שטיין אויף דעם אָרט ווי פאַרגליווערט, זייענדיק דעצידירט אויף אַלץ. ווען דער שאָטן האָט זיך דערנענטערט, האָט באָרים דערקענט אַ דייטש, וואָס האָט, ווייזט אויס, באַוואַכט דעם שליאַך. ער האָט באַשטימט אים דורכצולאָזן און ווען ער וועט זיך דערווייטערן וועט ער דאַן פאָרזעצן זיין וועג. ער האָט אָבסערווירט דעם דייטש, וועלכער האָט מיט געמאָסטענע טריט געשפּרייזט פאָרויס. אין דעם האָט ער פּלוצלונג באַמערקט ווי אַ צווייטע פיגור איז ווי אַרויסגעשווומען פון דער פינצטערניש און גנבענדיק זיך נאָכגעגאַנגען דעם דייטש.

ווען דער דייטש איז שוין געווען אַ פּאָר מעטער פון דעם אָרט ווו

באַרים איז געשמאַנען, האָט די לופט פּלוצלונג דורכגעשניטן אַ היל־כיק פייפן און עס האָבן זיך גלייך דערהערט געשרייען פון דער ריכ־טונג פון מויער און אַ רויטע ראַקעטע איז אַרויפגעפלויגן אין דער לופט.

„זיי האָבן באַמערקט מיין אַנטלויפן — האָט באַרים אַ טראַכט געטאָן — איך בין אַ פאַרפאַלענער".

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט דער דייטש, וואָס האָט באַוואַכט דעם וועג אַנגעצונדן אַן עלעקטריש לעמפּל און אָנגעהויבן וואַרפן זיין שיין אויפן גאָרטן. באַרים האָט שוין אַנגעשטעלט דעם פיסטאָלעט אויף דעם דייטש, בכדי אים אָפּצורוימען פון וועג. נאָר ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַ צי טאָן דאָס צינגל ווי עס האָבן זיך דערהערט צוויי שאָסן און דער דייטש איז אומגעפאַלן, און באַלד איז ווי פון דער ערד אַרויסגעשפּרונגען די אוקראַאינערין מיט אַ פיסטאָלעט אין דער האַנט.

באַרים איז אַרויף אויף דעם שליאַך. „שנעלער, לאָמיר אַוועק פון דאַנען" — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ דענערווירטער שטים. העלפנדיק איינער דעם צווייטן זענען זיי אַרויף אויף דעם פערד און אין גאַלאָפּ אַוועק אין דער ריכטונג צום וואַלד. דאָס פערד האָט דער־פילט אויף זיין רוקן אַ געניטן רייטער און ווי אַ פייל פון בויגן גע־לאָפן פאָרויס. באַרים האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פערד אַרום דעם האַלדז און מיט אַ ווילדן פייף אים צוגעגעבן לוסט צום לויפן. די אוקראַאינער־רין האָט באַרים אַרומגענומען, זיך צו אים צוגעקלאַמערט און ווי זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט אים. ער האָט געפילט דאָס וואַרעמקייט פון איר יונגן קערפּער. דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דער נאָבעלער אוקראַאינערין, וועלכע האָט מיט אַזאַ צוטרוי זיך צוגעטוליעט צו אים, האָט אים אָנגעפילט מיט נאָך מער מוט און הרייסטקייט און ער איז איצט גרייט געווען צו קעמפן מיט גאַנצע מחנות גזלנים און דאָס לעבן אַוועקגעבן בכדי איר זאָל קיין שלעכטס נישט געשען. ער האָט געקלאַפּט מיט די פיס איבער די זייטן פון פערד, וועלכער האָט זיך מיט אַ ווילדן גאַלאָפּ געטראָגן איבער די געשלענגלטע, שמאָלע וואַלד־שטעגלעך. די צווייגלעך האָבן ביז בלוט צושמיסן דאָס פּנים און די הענט, נאָר ער האָט דאָס נישט געפילט.

מיט יעדער מינוט זענען זיי געווען אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער געפאַר. די גאַנצע צייט האָבן זיי געשוויגן. בלויז איין מאָל האָט זי אים געפרעגט: „ווי אַזוי איז דיין נאָמען, פּאַרטיזאַנער?" און באָריס האָט איר געענטפערט: „באָריס גאָלדפאַרב, אַ דיווערסאַנט פון דיאַדיאַ מישאַס יידישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג". באָריסן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ביי די ווערטער האָט זי אַ ציטער געטאָן און האָט זיך צו אים שטאַרקער צוגעדריקט.

דאָס פערד האָט שווער געאָטעמט און וואָס ווייטער אַלץ אָפּטער זיך אָנגעהויבן פאַרטשעפּען אין די גראָבע וואָרצלען, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון דער ערד.

— דאָס פערד איז שוין שטאַרק מיד, מען מוז אים געבן אָפּרו אויף אַ פּאָר מינוט — האָט געזאָגט באָריס — מיר זענען שוין אַזוי ווייט, אַז מיר קענען זיך דאָס דערלויבן.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון פערד, וואָס איז געווען איינגאַנצן ווי איינגעטונקען אין ווייסן שאָם און מידע זיך אָוועקגעלייגט אויפן גראָז. אַ לאַנגע ווײַלע זענען זיי געזעסן און אָן ווערטער באַטראַכט איינער דעם צווייטן. באָריס האָט געפילט, אַז עס וואַקסט אין זיין האַרצן אַ גרויס געפיל צו דער איידעלער אוקראַינערין, וועלכע האָט, איינשטעלנדיק איר אייגן לעבן, אים געראַטעוועט פון אַ שרעקלעכן טויט.

ער האָט איר אָנגענומען ביי דער האַנט און אַריינקוקנדיק אין אירע אומעטיקע, שיינע אויגן, געזאָגט:

— דערלויב מיר דיר צו דאַנקען. איך וועל אייביק געדענקען, אַז דו האָסט מיר געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. זאָג מיר ווער ביסטו, פון וואַנען שטאַמסטו, און ווי אַזוי רופט מען דיר. איך וויל וויסן וועמען איך האָב צו פאַרדאַנקען מיין לעבן. איך וויל וויסן דעם נאָמען פון דער, וואָס איך וועל אייביק טראָגן אין האַרצן.

— נישט דו מיר, נאָר איך דיר דאַרף דאַנקבאַר זיין, וואָס דו האָסט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פון דעם גיהנום, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָר, און צו ענדיקן מיט דער פאַלשער ראָל, וואָס איך האָב געשפּילט. איך

בין זיכער, אַז דו האָסט זיך שוין פון לאַנג אָנגעשטויסן, דאָס די דאָזיקע ראָל האָב איך אויסגעפירט לויטן אויפטראַג פון אונטער־גרונט. איך האָב זי שוין געזאָלט ענדיקן מיט עטלעכע חדשים צוריק, נאָר איך האָב נישט געהאַט די געלעגנהייט דערצו. פרעגסט מיר ווער איך בין? איך בין אַ טאָכטער פון אַן אָרימען יידישן שניידער פון אַ קליין שטעטל אויפן דניעפּר און מיין נאָמען איז רייזעלע אָסטערמאַן.

# צירל

## קאפיטל 1

ווי נאך א שלאכט האט אויסגעזען דער לאגער אין דער שיינער זומער־נאכט.

דא און דארט אין פארשידענע פאזעס, זענען געשלאפן פארטי־זאנער מיטן געווער אין די הענט, און האבן אויסגעזען ווי טויטע. נאר דאס שטארקע כראפען, דאס רעדן פון שלאף, דאס אויפכאפן זיך פלוצלונג מיט א ווילדן אויסגעשריי פון עפעס א פארטיזאנישן חלום, וואס האט געמאטערט, האט באוויזן, אז דאס זענען לעבעדיקע מענטשן.

די שווערע היץ אין דעם געדיכטן סאסנע־וואלד האט זיך ארויס־געטריבן פון די געפלאכטענע צעלטן אויף דער פרייער לופט.

עס איז שוין געווען ווייט נאך האלבער נאכט.

איוואן טימאפעיעוויטש, אן עלטערער, ערנסטער רוס, איז היינט דער „קאראאולני נאטשאלניק" (דער אויפזעער איבער די פאסטנס). מיט לאנגזאמע טריט, מיט אן אנגעשטרענגטן בליק, גייט ער ארום איבער דעם לאגער, קאנטראלירט און בייט די וואך, און הערט זיך וואכזאם צו צו יעדער שארך, צו יעדן קלאנג. די, איבערן הייסן טאג אנגעגליטע סאסנעס, פארפילן די לופט מיטן שטארקן ריח פון סאס־נע־קליי, וואס מישט זיך צונויף מיט דער פוילער פייכטקייט, וואס דאס מילדע ווינטל ברענגט פון צייט צו צייט פון דער נאענטסטער אזיערע און מיטן רויך פון זיך אויסלעשנדיקן פייער. עס דערהערט זיך א נישט דרייסטער טרעל פון א נאכטיגאל. באלד ענטפערט אים ערגעץ פון ווייטן דער צווייטער, דער דריטער און מיטאמאל ווערט דער וואלד פול מיט די ליבע־לידער פון קליינעם פייגעלע און ווי א געשריי פון א בייזער שוויגער, רייסט זיך פלוצלונג אריין אין דער וואונדערבארער מעלאדיע א ווילדער אויסגעשריי פון א סאווע, אדער

אַ ווייט וויען פון אַ הונגעריקן וואָלף. עס שטעלט זיך אָפּ דער נאָכטיגאַל־כאָר. אין אַ ווײַלע אַרום זעצן זיי ווײַטער פאָר זייער געזאַנג, נאָך מיט מערער קונסט, מיט מערער קראַפט. און פון טיפן, בלויען הימל קוקט דורך די געדיכטע צווייגן, ווי אַן אויסגעפּוצט זילבערן טעלערל, די גאַנצע לבנה.

אַלץ איז אין לאַגער איינגעשלאָפן. פּלוצלונג דערהערט זיך אַ שטיל געזאַנג פון צוויי פרויען־שטימען. אַ ווייכע, לירישע סאָפּראַנאָ זינגט דאָס נייע פּאַרטיזאַנער־ליד „אויף דעם ראַנד פון וואַלד, הינטער אַן אַלטן דעמב, ליגט אַ געהרגעטער יונגער פּאַרטיזאַן". אַ נידעריקער אַלט, וועלכער, דוכט זיך, גייט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה, זינגט די טערציע. עס גיסן זיך צונויף די צוויי שטימען אין אַ האַרמאָנישן דועט, אין וועלכן עס פילט זיך אַזויפיל טרויער און בענקשאַפט. לאַנג איז דער ערנסטער איוואַן טימאָפעיטש זיך מישב, צי ער זאָל צוגיין צעטרייבן די מיידלעך, וואָס שטערן דעם שלאָף, צי ניין. און אפשר כדי צו האָבן אַ ריין געוויסן, איז ער צוגעגאַנגען צום בערגל, אויף וועלכן עס זענען געזעסן אַרומגענומען די ווײַס־רוסין נאַדיאַ און די יידישע קראַנקן־שוועסטער צירעלע, און האָבן געזונגען.

— שוין צייט צו שלאָפן — האָט ער מיט אַ געמאַכטן ערנסטן טאָן זיך צו זיי געווענדעט איוואַן טימאָפעיטש — אַ פּאַרטיזאַנער דאַרף יעדע פרייע מינוט אויסנוצן, ווײַל ער ווייסט קיינמאָל נישט, ווען ער וועט דאָס צווייטע מאָל האָבן אַזאַ געלעגנהייט.

— עס שלאָפט זיך נישט, „דיאַדיענקאַ" — אַז דו ביסט געווען יונג, ביסטו געשלאָפן אין אַזוינע שיינע, וואונדערבאַרע נעכט? — האָט אים אָפּגעענטפערט נאַדיאַ.

— דאָס איז אַלץ גוט געווען דאָרטן, אין דיין דערפל, אויף דעם בערג פון דניעפּער, אָבער דאָ, טויזנטער קילאָמעטער בײַ דעם דײַטש אין הינטערגרונט, זינגט זיך נישט.

— נישט מיר זינגען — האָט צירעלע געזאָגט — נאָר אונדזערע נשמות זינגען פון אונדז אַרויס, און מיר וואָלטן דיר זייער געבעטן, גוטער איוואַן טימאָפעיטש, זאָלסט אונדז נישט פאַרווערן דעם פאַרגעניגן.

— יונגע ציגן — האָט ער מיט רעזיגנאַציע אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צו די פּאָסטנס, בײַ דעם אַרויסגאַנג

פון לאַגער. „יונגוואַרג — האָט ער געטראַכט — זיי וואָלטן איצט באַדאַרפט זיצן מיט אַ געליבטן ערגעץ אין אַ ווײַנשל־גאָרטן, אָדער בײַם ברעג פון טײַך, און געניסן פונעם לעבן, נישט דאָ אין וואַלד, וווּ מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן. מײַנע יונגע יאָרן האָב איך בעסער פאַרבראַכט". ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים און איז לאַנג, לאַנג געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער, און זיך צוגעהערט צום טרויעריקן ליד, וואָס די מיידלעך האָבן אַזוי זיס געזונגען.

## קאַפּיטל 2

די צוויי „שוועסטערלעך", ווי די פּאַרטיזאַנער האָבן אַ נאָמען געגעבן נאַדיען און צירלען, האָבן ביז דער פּאַרטיזאַנקע געהערט צו צוויי באַזונדערע וועלטן. נאַדיאַ איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרע־מער פּויערישער משפּחה און דערצויגן געוואָרן בײַ אַ בייזער שטיף־מוטער, ווײַל איר אייגענע מוטער האָט זי פאַרלאָזן, ווען זי איז אַלט געווען 5 יאָר. זײַענדיק נאָך אַליין אַ קינד, האָט זי געמוזט ניאַנטשען די קינדער, וואָס די שטיף־מוטער האָט יעדעס יאָר געבוירן, און אויספירן די שווערסטע שטוב־אַרבעט. פאַר דער קלענסטער זינד, האָט די שטיף־מוטער זי מערדערלעך געשלאָגן, און דער פאָטער האָט זי נישט געקאָנט פאַרטיידיקן, ווײַל ער האָט אַליין מורא געהאַט פאַר דער בייזער פרוי. ווען נאַדיאַ איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, האָט זי פאַרלאָזט דעם פאָטערס הויז, און איז אַוועק אַרבעטן אין קאָלכאָז. זי איז געווען פלײַסיק און איז גיך געוואָרן אַ „בריגאַדירשע" בײַ די מעלקערינס פון די בהמות. נישט קוקנדיק אויף די שווערע קינדער־יאָרן, איז דאָך נאַדיאַ אויפגעוואַקסן אַ הויכע, געזונטע, מיט שטאַרק־אַנטוויקלטע פאָרמעס, מיט בלאָנדע האָר, פאַרפלאָכטן אין אַ גראָבן צאָפּ, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף די ברייטע פּלייצעס און האָט דער־גרייכט ביזן גאַרטל. איר גוטמוטיק געזיכט האָט אַ באַזונדערן חן צו־געגעבן די טיפע אויגן, וועלכע האָבן צומאָל געהאַט אין זיך די הימ־לישע בלויקייט פון אַ שיינעם זומער־טאָג און צומאָל די זאַפטיקע גרינקייט פון די אומענדלעכע ווייסרוסישע לאָנקעס.

ווען די דײַטשן האָבן פאַרברענט איר דאָרף, איז נאַדיאַ מיט אַ גרעסערער גרופּע יונגטלעכע אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

צירעלע איז געווען אַ בת יחידה ביי אירע עלטערן, וועלכע זענען געווען די רייכסטע מאַנופאַקטור־סוחרים אין אַ קליין שטעטל אויף וואָלין. ווען זי האָט געענדיקט די אָנפאַנג־שולע, האָט מען זי אָפּגעפירט קיין ראָוונע אין גימנאַזיע. די עלטערן האָבן זייער געראָטן טעכטערל צוגעשטעלט אַלע פאַרגעניגנס. מען האָט איר געלערנט שפּראַכן און שפּילן אויף קלאַוויר. אַלע חברטעס האָבן ליב געהאַט דאָס „קליינע צירעלע" מיט די געקרייזלטע האָר און מיט די שוואַרצע, פאַרחלומטע אויגן אויף דעם בלאַסן געזיכט פאַר איר איידעלן גוטן כאַראַקטער. צירעלע האָט אויך געהאַט אַ חבר — סימקע האָט ער געהייסן. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרעמער אַגענט פון זינגערס ניי־מאַשינען. סימקע איז געווען זייער אַ פעאיקער, און ווען ער האָט געענדיקט צוזאַמען מיט צירעלען די אָנפאַנג־שולע, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע ווייטער לערנען אין לערער־סעמינאַר. יעדן זומער פלעגט ער קומען אין שטעטל און גאַנצע טעג האָט צירעלע מיט אים פאַרבראַכט אויף דעם ברעג פון טייך, אָדער זיי האָבן שפּאַצירט אין פעלד. ווי אַ זיסער חלום זענען דורכגעלאָפן אירע קינדער־יאָרן. ווען די דייטשן זענען געקומען, האָט צירעלע מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז שוין מער נישט קיין קינד, זי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז שוין אויף אַזויפיל דערוואַקסן, אַז זי קען אַריבערטראָגן, ווי אַלע ייִדן אין געטאָ, די אַלע דערנידעריקונגען, פּייניקונגען און שווערע אומריינע אַרבעט. ווען סימקעס גאַנצע משפּחה האָט מען בשעת דער ערשטער אַקציע דערהרגעט, האָבן צירעלעס עלטערן גענומען סימקען צו זיך אין הויז און אים באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. צירעלע און סימקע האָבן געאַרבעט אויף איין אַרבעטס־פּלאַץ אין אַ גאַרבעריי. זיי האָבן צוזאַמען געשטופּט די שווערע וואַגאָניעטקעס מיט האָלץ. זיי האָבן געשלעפּט צוזאַמען די שטינקענדיקע נאַסע פעלן פון די באַסיינען אונטער די געשרייען און אָפּשפּאָטערישע בליקן פון די דייטשן און אוקראַינישע אויפזעערס. נאָכן שווערן טאָג אַרבעט, פלעגן זיי זיך נאָך לאַנגע שעהן, ביי דער קאַרגער שיין פון אַ נאַפט־לעמפּעלע, עפּעס לייענען, אָדער זיך איבערטראָגן אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז די גרויזאַמע ווירקלעכקייט וועט אַזוי פּלוצלונג פאַרשווינדן, ווי זי איז געקומען, און עס וועלן ווידער קומען

רואיקע, גליקלעכע טעג. אזוי האָבן זיי געלעבט און געהאָפט... ביז...

יום כיפור 1942. דער געטאָ ברענט. ווי ווילדע חיות, לויפן אַרום אין די גאַסן די געסטאַפּאָווצעס און אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן. מען שלאָגט, מען שיסט, מען יאָגט די אויף טויט פאַרשראָקענע, האַלב־נאַקעטע ייִדן צום אומשלאַג־פּלאַץ. אַ באַקאַנטע קריסטן רייסט ציר־רעלען אַרויס פון די הענט פון אַן אוקראַיִנישן מערדער און באַהאַלט זי אין אַ קעלער. ווי לאַנג איז זי געווען אין דעם קעלער, געדענקט זי נישט, אפשר אַ וואָך און אפשר גאָר אַ יאָר. אַ גלייכגילטיקייט צו אַלץ האָט זי דערפילט. עס בינדט זי שוין גאָרנישט מיט דער וועלט. די עלטערן, סימקען, אַלע נאָנטע פריינט האָט זי פאַרלוירן.

איינמאָל אין אַן אָוונט קומט אַריין צו איר אין קעלער די קריסטן, וואָס האָט זי געראַטעוועט.

— מערער קען איך דיר דאָ נישט אויסבאַהאַלטן, ווייל איך האָב מורא פאַר די שכנים. דאָ האָסטו צוויי ברויטן און אַ פּושקע שוועבעלעך. איך וועל דיך אַרויספירן פון שטעטל און דיר ווייזן דעם וועג צום וואַלד. דאָרטן וועסטו זיך דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער און וועסט זיין געראַטעוועט.

ערשט אויפן צווייטן טאָג אין וואַלד איז זי אַרויס פון דער אַפּאַ־טיע. די אַרומיקע שטילקייט, דער שיינער וואַלד, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מיט וווּנדערבאַרע גרין־געלע קאָלירן, אונטער די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון, די פרייע, ריינע לופט, האָבן צוביסלעכווייז איר אומגעקערט דאָס גלייכגעוויכט, און דערוועקט אַ ווילן צו לעבן.

— ווי אויסטערליש דאָס איז — האָט זי זיך געמאַכט אַ פאָר־וווּרף — נאָך דעם אַלעמען גלוסט זיך נאָך לעבן. נאָר איך מוז גע־פינען פּאַרטיזאַנער, און דאַן וועט דאָס לעבן האָבן אַ זין, — לעבן בכדי נקמה צו נעמען.

לאַנג האָט צירעלע אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די וועלדער און נישט געקענט געפינען קיין פּאַרטיזאַנער. די צוויי ברויטן האָט זי שוין פון לאַנג אויפגעגעסן. זי האָט זיך שוין דערנערט בלויז מיט קאַרטאָפל, וואָס זי האָט ביינאַכט אָנגעגראָבן אין אַ גאָרטן אויפן ראַנד פון וואַלד. עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קאַלטע האַרבסטווינטן. די געלע בלעטער האָבן אָנגעהויבן זיך איינציקווייז אָפּצורייסן פון

די בוימער און לאַנגזאַם פאַלן צו דער ערד. עס האָט איר שוין פאַרפעלט אַ שוועבעלע אויף צולייגן אַ פייער. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ערגסטע, עס האָבן אָנגעהויבן גיסן געדיכטע, קאַלטע האַרבסט־רעגנס, פון וועלכע זי האָט נישט געקענט געפינען קיין באַהעלטעניש. אין אַזאַ קאַלטן, נאַסן פרימאָרגן האָט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס איז געווען אויך די ווייסרוסין נאַדיאַ, געפונען צירעלען ליגן אַ האַלב־פאַרחלשטע הינטער אַ בוים. די פעסטע נאַדיאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן צירעלען אין אירע אָרעמס, זי איינגעוויקלט אין איר וואַטענער, קאַלכאָזנער מאַרינאַרקע און זיך מיט איר אַוועקגעזעצט ביים הייסן פייער, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן צולייגט. ווען עס איז פאַרטיק געוואָרן די זופּ, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן אָפּגעקאָכט, האָט נאַדיאַ אַרויסגענומען פון שטיוול איר הילצערנע לעפל און ווי אַ קליין קינד צירעלען אָנגעהאָדעוועט, געגלעט זי איבער די שוואַרצע געקרייזלטע האָר און זי געטרייסט. די פּאַרטיזאַנער האָבן צירעלען מיטגענומען מיט זיך. און פון דאַן דאַטירט זיך די גרויסע פריינטשאַפט צווישן די צוויי מיידלעך. נאָר דאָס איז נישט געווען בלויז אַ דאַנקבאַרקייטס געפיל פון צירעלעס זייט, פאַר אָפּראַטעווען איר לעבן. ניין, צירעלע האָט ליב געקראָגן די ווייס־רוסין פאַר איר גוטמוטיקייט. עס האָט איר, אַלס פיזיש שוואַכע, אפילו אימפּאָנירט נאַדיעס מענערישער כוח, וועלכער האָט אַרויסגעאָטעמט פון איר יעדער באַוועגונג, און זייענדיק אין אירע אָרעמס, האָט זי זיך געפילט עפּעס אַזוי זיכער און רואיק.

נאַדיאַ האָט צום אָנפאַנג געפילט צו צירלען אַ מין רחמנות, ווי צו אַ שוואַך, אומבאַהאָלפן באַשעפענישל. נאָר צוביסלעך, באַקענענדיק זיך נענטער מיט צירעלעס איידעלן כאַראַקטער, איז דאָס רחמנות־געפיל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאַרקער ליבשאַפט, וועלכע האָט צייטנווייז אויסגעזען ווי די ליבע פון אַ מוטער צו אַ קינד. זי האָט ליב געהאַט זי צו צערטלען ווי אַ קליין קינד. מעגלעך, אַז די מוטערשאַפט־געפילן, וואָס ווערן רייף ביי אַ 20־יאָריקער, געזונטער פרוי, האָבן זיך אויסגעדריקט אין די צערטלעכקייטן. לאַנגע שעהן פלעגן זיי זיצן אָפּגעזונדערט, ערגעץ אין אַ ווינקל פון לאַגער, און זיך דערציילן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, אָדער זינגען צוזאַמען. נאַדיאַ האָט דערציילט צירעלען וועגן איר שטאַרקע ליבע צו פּיעטראַ

דעם שמיד פון קאַלכאַז. ער איז געווען אַזאַ געזונטער, אַז ער האָט גע־קענט צעברעכן מיט די הענט אַן אייזערנע פּאָדקאָווע. נאָכן שניט האָבן זיי געזאָלט חתונה האָבן, נאָר עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און מען האָט פּיעטראָן צוגענומען אויף דעם פראָנט. איין בריוו האָט זי בלויז פון אים דערהאַלטן. דעם בריוו טראָגט זי שטענדיק ביים האַרצן, איינגעוויקלט אין אַן אַלט שטיקל צייטונג. צירעלע האָט שוין פיל מאָל געלייענט דעם דאָזיקן בריוו. זי ווייסט שוין, אַז ער איז אַ טאַנקיסט, אַז אַלע אָפיצירן האָבן אים ליב און אַז ווען ער וועט צעקלאַפּן דעם פאַרשאָלטענעם דייטש, וועט ער צו איר קומען מיט אַ ברוסט באַהאנגען מיט מעדאַלן און דאַן וועלן זיי חתונה האָבן און ער וועט זי ליב האָבן ביז צום „ברעט פון קבר“.

צירעלע האָט זיך מיטגעפרייט מיט נאַדיעס גליק, כאָטש טיף אין האַרצן האָט אָפט געגנודזשעט אַ נישט־פאַרוואַקסענע וווּנד. ווען נאַדיאַ האָט דערציילט וועגן די גליקלעכע שעהן, וואָס זי פלעגט פאַרברענגען מיט איר פּיעטראָ אויף דעם ברעג פון דניעסטר, האָט זיך איר דערמאָנט איר קליין שטעטל אויף וואָלין, די לאָנקע ביים טייכל, וווּ זי פלעגט מיט סימקען שפּאַצירן אין די שיינע זומער־אָוונטן, און אירע טרויעריקע אויגן פלעגן זיך פאַרציען מיט פייכט־קייט. זי האָט נאַדיען דערציילט וועגן אירע איבערלעבענישן אין געטאָ, וועגן די שרעקלעכע נעכט אין וואַלד, ווען זי האָט געזוכט פּאַרטיזאַנער און וועגן דעם, אַז זי איז איצט עלנט, ווי אַ שטיין, ווייל אַלע האָט דער דייטש דערמאָרדעט.

— אויב מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה — האָט זי נאַדיאַ געטרייסט — וועסטו מיט מיר פאָרן אין מיין דאָרף. דו ביסט „אַ שטאַרק גראַמאָטנע“, דו וועסט באַקומען אַ פּאָסטן אין אונזער „קאָלכאָז“ און דער שענסטער בחור וועט פאַר דיר חתונה האָבן, און מיר וועלן זיין שטענדיק צוזאַמען.

די פּאַרטיזאַנער האָבן ליב געהאַט די „שוועסטערלעך“, ווי זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן די צוויי מיידלעך. נאַדיאַ איז זיי געפעלן גע־ווען פאַר איר גוטער שטימונג, וואָס האָט זי קיינמאָל נישט פאַר־לאָזט, און די הויפּט־זאַך פאַר איר זעלטענער פאַר אַ פרוי גבורה. ווען זי פלעגט האַקן האָלץ פאַר דער שטאַב־קיך, ווו זי איז געווען אַ קעכין, און האָט מיט דער בלאַנקעדיקער שווערער האַק דער־

לאַנגט האַסטיקע קלעפ איבער אַ סענקוואַטן קלעצל, פלעגן די מענער זיך אָפרוקן אַן אַ זייט און אַ זאָג טאָן מיט אַ שמייכל:

— טאָ טשאָרט, ניע באַבאַ — רובאַיעט קאַק מוזשיק. (דאָס איז אַ שד, נישט קיין פרוי, זי האַקט ווי אַ פויער).

ביי צירעלען האָבן די פאַרטיזאַנער באַוווּנדערט איר אויסדויער און גוטסקייט. בשעת די שווערע נאַכט־מאַרשן, איז זי שטענדיק געווען וואַכעדיק און אַלס קראַנקן־שוועסטער, האָט זי שטענדיק געשפרייזט מיט דער פול־געפאַקטער סומקע מיט מעדיקאַמענטן, אין עק פון דער קאָלאָנע, און האָט געטראָגן באַלדיקע הילף די פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אָפגעשטאַנען צוליב אַן אָנגעריבענעם פוס, אָדער אַן אַנדער סיבה. בשעת אַ שלאַכט, פלעגט צירעלע אויסגראָבן אַ גריבל מיט איר סאַפיאָרענעם רידל, וואָס זי האָט שטענדיק געטראָגן צוגעבונדן צום פאַס, זיך פאַרמאַסקירן און פון דאָרטן האַלטן אונטער דער אָבסערוואַציע די קעמפנדיקע פאַרטיזאַנער. און ווען עמיצער פלעגט פאַרוווּנדעט ווערן, איז זי באַלד צו אים געלאָפן מיט הילף. נישט איין שווערן פאַרטיזאַנער האָט זי אויף אירע שוואַכע מיידלשע פלייצעס אַרויסגעשלעפט אַ פאַרוווּנדעטן פון שלאַכטפעלד, אונטער אַ האָגל פון קוילן, אויף אַ זיכער אָרט, איבערגעבונדן די וווּנד און זיך צוריק אומגעקערט אויף איר פלאַץ. צירעלע האָט ליב געקראָגן איר פאַך, אַלס קראַנקן־שוועסטער, און האָט אין אים אַריינגעלייגט די גוטסקייט פון איר אָנגעווייטיקטער נשמה. ווען זי פלעגט איבערבונדן אַ שווער־פאַרוווּנדעטן און זיך צורירן מיט אירע צאַרטע, דינע פינגער צום אָנגעווייטיקטן אָרט, איז דער ווייטיק באַלד פאַרשוווּנדן — אַזוי האָבן געזאָגט די פאַרטיזאַנער.

עס האָט בלויז פאַרדראָסן די יונגע פאַרטיזאַנער, וואָס די צוויי שיינע מיידלעך האַלטן זיך אָפגעזונדערט און לאָזן זיך נישט אַריין אין ראָמאַנען מיט די שיינע בחורים, וואָס האָבן זיך אין זיי האָפנונגסלאָז פאַרליבט. פיל פאַרטיזאַנער איז געפעלן געווען די טיפישע סלאַווישע שיינקייט פון נאַדיען, אירע העלע, בלאָנדע האָר, די טיפע בלויע אויגן, איר שטאַרקע מאַיעסטעטישע פיגור. אַנדערע ווידער האָט אימפאָנירט צירעלע, מיט די שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, מיט די רעגולערע שטריכן אויף דעם יידישן געזיכט, מיט איר קלאַסיש געבויטער, קליינער פיגור, וואָס האָט אין אַלגעמיין אויסגעזען ווי אַ

סטאטועטקע פון זאקסישן פארצעלאן. אבער ווען ווער פון דער יונג־וואַרג פלעגט צו צירעלען צושטיין מיט זיינע ליבע־דערקלערונגען, האט זי מיט א שמייכל געענטפערט:

— איצט איז מלחמה, און מיר, יידן, האבן די איינציקע אויפ־גאבע נקמה נעמען און אלע אייגענע פארגעניגנס דארפן מיר פאר־געסן. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און אלע וווּנדן וועלן פאר־וואקסן ווערן, וועל איך דאן דערלויבן דעם מלך פון דער ליבע, דעם „חבר אמור", ער זאל מיר ארײנלאזן א פרישע פייל אין מיין הארצן.

נאדיא פלעגט זיך אפפטרן פיל פשוטער. צווישן איר און דעם פארליבטן בחור פלעגט פארקומען מער ווייניקער פאלגנדיקער דיא־לאג:

— נאדיענקא, צוליב וואס פארדארבן דיינע יונגע יארן, שענק מיר אביסינקעלע ליבע.

נאדיא האט אוועקגעלייגט אירע פעסטע הענט אויף דעם בחורס אקסל, א לאנגע ווײלע אים געמאסטן מיט אירע טיפע בלויע אויגן און פלוצלונג געפרעגט:

— דו קענסט פעטרא דעם קאוואל פון קאלכאז „דער רויטער באנאטיר"?

— ניין האט דער בחור געענטפערט.

— דער קאוואל פיעטרא — האט פארגעזעצט נאדיא — קאוועט אליין, אן קיינעמס הילף, דעם צעווילדעוועטסטן פערד פון קאלכאז. ווען ער נעמט ארײן דעם פערדס פּוס צווישן זיינע קני, בלייבט יע־נער ווי א פאראליזירטער.

— וואסזשע האט דאס פאר א שייכות צו מיר? — האט מיט פארוואונדערונג געפרעגט דער בחור.

— פיעטרא האט מיך שטארק ליב און וועט קיינעם נישט לאזן אנרירן זיין נאדיען. איך וואלט דיר נישט געראטן זיך צו באקענען מיט מיין פיעטרא. דו וואלסט דערפון ווייניק נחת געהאט. ער וואלט דיך מיט איין האנט צעקוועטשט ווי א קארענע „ליעפיאשקע" (פלעצל).

## קאפיטל 3

די אויסשפירער האָבן מיטגעטיילט, אַז אַ שטאַרקע שטראָף־עקספּעדיציע דערנענטערט זיך צום לאַגער. אַלע פּאַרטיזאַנער זײַנען געשטעלט געוואָרן אונטער געווער, אַפילו די קוכערס, די פורמאַנעס און די לײַכט־פאַרווונדעטע. איין אָפּטיילונג האָט דער קאָמאַנדיר אַרויסגעשיקט דורך אַ זײַטיקן וועג, מיט דער אויפגאַבע צו פאַרגיין דעם דײַטש פון הינטן און אים אַטאַקירן, נאָך איידער ער וועט זיך דערנענטערן צום לאַגער. אין דער גרופּע זײַנען אויך געווען די „שוועסטערלעך". אין „קאָפּ" פון דער גרופּע איז געגאַנגען סראָלקע, דער „פּולעמיאָטשיק" (קוילנוואַרפער) און הינטער אים, אַלס צווייטער נומער פון קוילנוואַרפער, האָט לײַכט געשפּרייזט נאַדיאַ מיט אירע צוויי שווערע טאָרבעס אויף די אַקסלען — איינע פול מיט קוילן און די צווייטע מיט זאַפּאַסאָווע דיסקן צום קוילנוואַרפער. אין „עק" פון דער גרופּע איז געגאַנגען צירעלע. איר גרינע ברעזענטענע „סומקע" מיטן רויטן קרייץ, איז געווען פול אָנגעשטאָפּט מיט לאַנגע בינטן פון פאַראַשוט־שטאָף, מיט וואַטע און מעדיקאַמענטן.

די פּאַרטיזאַנען זײַנען אָנגעפאַלן אויף די דײַטשן, בשעת יענע האָבן געגעסן מיטאָג אין דאָרף לובין. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ קאַמף. די דײַטשן האָבן אויף שנעל אויסגעגראָבן אָקאָפּעס אין זאַמדיקן גרונט צווישן די הײַזער און האָבן זיך פאַרביסן פאַרטיידיקט. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַוועקגעלייגט הינטער די פּעניעס פון אויסגעהאַקטן וואַלד און דאָרט באַשאָסן די דײַטשע אָקאָפּעס. עס זײַנען שוין געווען געפאַלענע און פאַרווונדעטע פּאַרטיזאַנער. צירעלע איז אָן אויפהער אַריבערגעקראָכן פון איין אָרט אויפן צווייטן און איבערגעבונדן די פאַרווונדעטע פּאַרטיזאַנער, נישט אָראָפּלאָזנדיק פון אויג איר נאַדיען, וועלכע האָט פלינק אָנגעפילט יעדעס מאָל אַ פרישן דיסק מיט קוילן און דערלאַנגט סראָלקען.

פּלוצלונג האָט צירעלע דערזען, ווי סראָלקע האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון אָרט, אַרויסגעלאָזט דעם קוילנוואַרפער פון די הענט און ווי אַ שטיין צוריק אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד. זי האָט געזען, ווי נאַדיאַ האָט אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט בײַם קאָפּ, אים געטרייסלט, דערנאָך אים אויסגעגלײַכט און דעם פּנים

פאַרדעקט מיט זיין היטל. צירעלע האָט געזען, ווי נאַדיאַ האָט אויפגעהויבן דעם קוילנוואַרפער, אָנגעשפּאַרט אים אין סראָלקעס טויטן גוף און אָנגעהויבן אַרויסלאָזן קורצע סעריעס לויט די באַפעלן פון קאָמאַנדיר.

„נישטאָ מער דער פריילעכער סראָלקע דער „פּאָליעמיאָטשיק“ — האָט אַ טראַכט געטאָן צירעלע און אַ הייסע טרער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר געזיכט אויף דער ברעזענטענער סומקע מיטן רויטן קרייץ. פּלוצלונג איז געוואָרן אַ צעמישונג ביי די דייטשן. פון אַ „טערמוטנער“ קויל האָט אָנגעהויבן ברענען דער דאַך אויף איינעם פון די הייזער, אונטער וועלכע עס האָבן זיך געצויגן זייערע אָקאָפּעס. דער פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר האָט אויסגענוצט די בהלה און געגעבן אַ באַפעל: „אין אַטאַקע!“ די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויפגעריסן פון זייערע ערטער און מיט אַ ווילדן „הוראַ!“ זיך געלאָזט לויפן צו די ברענענדיקע הייזער. צירעלע איז מיטגעלאָפן. די דייטשן האָבן באַגעגנט די אַטאַקירנדיקע מיט אַן אוראַגאַן פייער. אין דעם מאָמענט האָט זיך נאַדיאַ אַ וואַקל געטאָן און ווי אַ סנאָפּ אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד. צירעלע איז באַלד צוגעלאָפן צו איר. נאַדיאַ איז געלעגן אַ בלאַסע און האָט געקרעכצט, דער לינקער פוס איז ביי איר געווען דורכגעשאָסן אין עטלעכע ערטער און דער רחמער פלעק אויפן גרויען זאַמד אונטער דער פאַרוווּנדעטער קני איז געוואָרן יעדע ווײַלע אַלץ ברייטער און העלער.

— נאַדיעניקאַ, ביסט פאַרוווּנדעט! — האָט מיט אַ זיך איבעררייסנדיקער שטים אויסגעשריען צירעלע — נעם מיך אַרום ביים האַלדז און מיר וועלן אַוועקריכן דאָ נישט ווייט, אין די מאַלינע־קוסטן, וועל איך דיר איבערבינדן די וווּנד.

זיי האָבן זיך אַרומגענומען און אַוועקגעקראָכן אין דער ריכטונג פון די קוסטעס. נאַדיאַ איז יעדער ווײַלע געוואָרן אַלץ שווער און שווערער. צירעלע האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות און געשלעפּט די חברטע פאָרויס. די קוילן זענען אָן אויפהער נאָכגעפלויגן איבער זייערע קעפּ, ווי דערעסענע קאָמאַרעס, מיט אַ דינענקן פייף און געפאַלן אַרום זיי.

נאָך 3־2 מעטער און זיי זענען ביים ציל... צירעלע מאַכט די לעצטע אָנשטרענגונג... שוין באַלד... פּלוצלונג דערפילט צירעלע אַ

שטאַרקן שטאָך ווי מיט אַן אול אין רעכטן אָרעם... גרינע, רויטע, געלע קרייזן הויבן אָן צו פינקלען פאַר די אויגן און זי הויבט אָן איינצוזינקען ווי אין אַ שוואַרצן אָפּגרונט.

## קאַפּיטל 4

די שלאַכט איז געענדיקט. די דייטשן זענען אַנטלאָפן פון דאָרף, איבערלאָזנדיק פיל געהרגעטע, פאַרוווּנדעטע, וואָגנס מיט אַמוניציע און פּראָוויאַנט.

דער קאָמאַנדיר האָט אויסגעשטעלט די פּאַרטיזאַנער אויף אַ פּלאַץ אינמיטן דאָרף, בכדי פעסטצושטעלן די צאָל געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע חברים.

— די „שוועסטערלעך" פעלן! — האָט ראַפּאָרטירט איינער פון די פאַרזאַמלטע.

די פּאַרטיזאַנער זענען זיך צעלאָפן אין אַלע ריכטונגען זוכן די מיידלעך.

הינטער אַ מאַלינע־קוסט האָט מען זיי געפונען ליגן פאַרחלשטע. זיי זענען געלעגן אַרומגענומען, ווי זיי וואָלטן געשלאָפן. פון צירעלעס האַנט, וועלכע האָט פעסט געהאַלטן אַרומגענומען נאַדיעס האַלדז, האָט זיך געצויגן אַ רויט שנירעלע בלוט און איז איינגעזאַפּט געוואָרן אין העל־בלאָנדן צאָפּ פון דער ווייס־רוסין.

*

אין גרויסן, האַלב־טונקלען געצעלט, געמאַכט פון אַ פּאַראַשוט, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דער „סאַנ־באַט" (סאַניטאַר־אָפּטיילונג) ליגן אויף שינעלן, אויף צעריסענע זעק די פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער. און אין אַ ווינקל, צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער, ליגט נאַדיאַ מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן פוס און צירעלע, מיט אַ באַנדאַזשירטע האַנט. זייערע אויגן זענען פול מיט פרייד און איבערגעגעבנקייט. זיי טיילן זיך מיט די איינדרוקן פון דער לעצטער שלאַכט.

— איך וועל דערציילן מיין פעטראַ'ן — זאָגט נאַדיאַ מיט אַ שוואַכער שטים — אַז דו, דאָס קליינע צירעלע, האָסט איינשטעלנדיק דיין אייגן לעבן, אים אָפּגעראַטעוועט זיין גאָלדענע נאַדיאַ.